מלך ראוויטש

# 67

לירישע, סאטירישע, נאציאָנאלע, סאָציאלע און פילאָזאָפישע

# לידער

פון די לעצטע פינף־זעקס יאָר

ISBN:0-657-10594-5



פארלאג דוד לערמאן

בוענאָס איירעס

1946

# הקדמה

די אומפּאַרמיידלעכע הקדמות מײנע — דאָסמאָל אָבער זײער קורץ.

װען ניט דאָס, װאָס שױן אין יאָר 1921 האָב איך פאַרנוצט אױף אַ בוך דעם טיטל „נאַקעטע לידער" — װאָלט איך די זאַמלונג געדאַרפט אַזױ רופן, און נישט געפינענדיק אַ מער פּאַסיקן נאָמען לאָז איך דאָס בוך אינגאַנצן אָן אַ נאָמען אײגנטלעך אַרױס. בלױז מיט אַן אונטער-טיטל.

דאָס בוך איז אַ דירעקטער המשך פון דער זאַמלונג „לידער און באַלאַדן", װאָס איז דערשינען אין יאָר 1940 אין מעקסיקע. בײדע זאַמלונגען זענען אַ שפּיגל פון אַ יידישער נשמה, אין אַ צופעליק געראַטעװעטן גוף, אין די זעקס שװערסטע גורל-יאָרן פון ייד און מענטש אין די זעקס יאָר-טױזנטן זינט דעם ביבלישן אדם הראשון. אַ נשמה־שפּיגל פון אַ ייד — 1939 - 1945. אַפילו די רעאַקציע אױף דער אַטאָמישער באָמבע איז שױן דאָ אין אָט די לידער.

ביטער און פינצטער זענען די לידער, קױם, קױם אַרומגעזױמט מיט אַ דינער שטראַלן-שײן פון אַ ליכט, װאָס גײט אפשר ערגעץ אױף. און דאָך, שענקט מיר אַ שעה, גוטע מענטשן, און קוקט אין זײ אַרײן; מיט מײן הילף װעט איר אױך זיך אַראָפּרעדן אַביסל פון האַרצן און מיט אײער הילף װעט מײן נשמה אַ תיקון קריגן.

קען זײן, אַז דאָס לעבן בלײבן פון אַ מזרח־ייד אױפן אַמעריקאַנישן קאָנטינענט בשעת דאָס בלוט און פלײש פון זײנע נאָענסטע איז אין אײראָפּע געסמאָלעט געװאָרן, איז די גרעסטע זינד, און קען זײן, אַז די גרעסטע מצװה איז עס. אַ זינד װאָלט זיכער געװען רױק לעבן צו בלײבן. מיט מײנע שװאַכע כוחות טראָג איך צו מיט אָט די לידער צו דער יידישער אומרו אין די לענדער פון יידן־גליק. רײסט, פּליקט, מײנע לידער, װי איר האָט מיך געפּליקט און געריסן, װען איך האָב אײך געשריבן.

די לידער אַנטהאַלטן נישט קיין געשלאָסענעם יידישן וועלט־באַנע־
מונגס־סיסטעם אין דער מיט פון 20טן יאָרהונדערט, נייערט בלויז די־
גליענדיקע בענקשאַפט צו אַזאַ סיסטעם; דעריבער זענען זיי פול מיט סתי־
רות. אויף אומוועגן גיי איך — כאָטש דעם וועג פיל איך אַזוי שטאַרק. זיין
אנונג איז דאָ אין סאַמע ערשטן ליד פון דער זאַמלונג.

איך דאַנק מיין געשוואוירענעם, האַרציקן פריינט דוד לערמאַן אין
בוענאָס איירעס פאַר אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך מיינס.

מאָנטרעאַל, סעפטעמבער 1945.

מ. ר.

די לידער און באַלאַדן - זאַמלונג איז
איינגעטיילט אין 9 סעריעס:

1. דאָס אויסדערוויילטע פאָלק
2. 1939 - 1945.
3. דאָס גרויסע זוכן
4. און דער לעצטערער לעצטערט נאָך אַלץ
5. מעדיטאַציעס
6. ליריק
7. מחשבות וועגן פאַרגיין און נישט-זיין
8. פּראָ דאָמאָ
9. פון האַרץ אַראָפּ

# זוכצעטל

## דאָס אויסדערוויילטע פאָלק



## 1939 - 1945



## דאָס גרויסע זוכן

## און דער לעצטערער לעצטערט נאָך אַלץ



## מעדיטאַציעס און אויסטערלישע לידער



## ל י ר י ק



## מחשבות וועגן פאַרגיין און נישט־זיין



## פּראָ דאָמאָ

## פון האַרץ אַראָפּ

## והיה באחרית הימים —

### אַ ליד פון גורל, פון שליחות און פון טרייסט

נעשריבן אין די טעג פון באַפרייאונג פון וואַרשע.

אני מאמין — יידיש פאָלק, איך גלויב אין דיין שליחות,
פונקט ווי איך גלויב, אַז כ'בין אַ זון פון הינדע בת בלימע, מיין מאַמען.
אני מאמין — כאָטש צעקריגט בין איך כמעט מיט אַלע דרייצן
אני מאמינס פון דעם מוח, דעם אייזערנעם און שפּיציקן פון רמב"מען.

יידיש פאָלק, איך גלויב אין דיין שליחות,
מעג איך מוזן שטיין און גיין דערפאַר ווי אַ מצורע אָפּגעזונדערט
פון די פרומע, די ציונים, די יאַהודים און אויך אַפּיקורסים.
איך גלויב, און גלויבן מוז איך, כאָטש איך בין אַן עכטער זון פון 20־טן יאָרהונדערט.

יידיש פאָלק, איך גלויב אין דיין שליחות,
מיט ציינער און מיט נעגל האַלט איך אָן דעם גלויבן.
לאַך, לאַך — דו ציניקער, האַלט דיך ביי די זייטן;
לאַכסט אריין אין אויגן פון אַ בלינדן, אויערן פון אַ טויבן.

ווייל בלינד און טויב איז מיין אמונה, יידיש פאָלק, אין דיין שליחות,
ווי בלינד און טויב עס איז געווען די אַלוועלט־שנאה צו אונז יידן.
הויך און העכער האָט געהויבן — ביז צום הימל זיך מיין גלויבן,
וואָס נידריקער, שאול תחתיה־הייסער יידן־שנאה יוכעס פלעגן זידן.

קיין אויסוועג איז נישטאָ! אין דעם דאָזיקן געבענשט־געשאָלטענעם גן־גיהנום
איז אונזער בוים פאַרפלאַנצט. אַ בוים פון אייביק לעבן, אייביק גאָט־דערקענען.
זיינע וואָרצלען שטעקן טיף, זיינע ברייטע פירות־שווערע צווייגן שפּאַנען
איבער אַלע פעלקער זיך. אונזער גורל איז צו זיין און בלייבן וואָס מיר זענען.

נישטאָ פאַר אונז, אין אַלע פיר דימענזיעס, קיין אָרט, קיין צייט קיין אַנדערע,
אונטער קיין לבנות און אונטער קיין שום זונען.
צווישן אַלע פעלקער פון דער ערד במזיד האָט אונז גאָט אַ וואָרף געטון, פאַרלוירן;
צווישן אַלע פעלקער פון דער ערד האָט בשוגג אונזער גורל אונז געפונען.

יידיש פאָלק, איך גלויב אין דיין שליחות,
כאָטש מיינע ציינער קריצן שאַרף פון ווי און צום הימל בייל זיך די פויסטן.
קיין אויסוועג איז נישטאָ. ס׳איז מיטן ים. לאָמיר אָנכאַפּן דעם רודער
און פירן שטאַרקער אונזער שיף אין דעם וועלט־שטורעם צעברויזטן.

אַט איז דיין שליחות, יידיש פאָלק: אין אַ וועלט פון קראַנקע בעל־עבירהניקעס,
מיט תאוותדיק הייס־בלויע אויגן, איינגעטונקט אין בלוטיק־רויטע ווייסלען,
צו שרייען שמע אין איינעם פאַרט, אין איינעם פאַרט און דערהערן מוז דער זינדער;
דיין שליחות, יידיש פאָלק, איז דער וועלטס געוויסן אויפצוטרייסלען.

פונקט ווי גאָט־וואָרט אייביק דיין שליחות — אייביק בלוט־באָד איז געווען דיין גורל.
נישט אַנדערש נאָר אַזוי צום יובל פון די יובלען
גייט די וועלט. און כאָטש איינמאָל אין אַ יעדן וועלט־יאָרהונדערט
האָט זי זיך געמוזט אין שטראָם פון דיינע בלוטן — פאָלק מיינס — טובלען.

וואָזשע נוצט עס אַט דעם גורל ווי אַ שווערן שטיין אין האַרץ צו טראָגן,
אַ שטיין פון טענה און נישט־גלויבן?
בעסער שוין אים ווי אַ פליגל־פּאָר אויף דער נשמה לאָזן וואַקסן
און אויף זיי צו אַלע העכסטע הייכן — פאָלק מיט זיך און זיך מיט פאָלק — דערהויבן.

און דער עיקר אין דער העלפט פון איצטיקן יאָרהונדערט, קענען וועלכן
ווי אַ קינדער־שפּיל עס זענען, ווי אונז, אַלטע אינקוויזיציע־פּיינען;
די גזירות ת״ח ות״ט, די אַכציקער פּאָגראָמען, קישיניעוו,
און אויך די כוואַליעס יידיש בלוט אין אַכצן־נײַנצן אין אוקראַינע.

און דעריבער איז אַן אויסוועג נאָר אַן איינציקער פאַרבליבן:
אינעם נאָס פון בלוט, דעם גרעסטן, זאָט פון האָס, דעם הייסטן,
אויפצוהויבן ס׳האַרץ צום הימל, דעם געדאַנק צון אַלדי שטערן
און מיט אַט דעם גלויבן זיך צו טרייסטן:

אַז נאָך יאָרן אַלע, אַלע דריי־פיר טויזנט,
מיט אַ גוואַלדריס מיט אַ שרעקלעכן און אומגעריכטן
האָט אין אכט־און־פופציקסטן יאָרהונדערט, אונזער יידישן, במזיד ווידער,
גאָט דערפילט די שליחות און צון אַ סוף דערפירט די יידישע געשיכטע.

צון אַ סוף אַ גוטן אין דעם ים פון בלוטן,
וואָס אונזער פאָלק האָט איצט פאַרלוירן —
און אַז דאָס בלוט פאַרגיסן האָט געמוזט די וועלטן־מאַמע,
ווייל דעם מענטש דעם נייעם אַנדערש האָט זי נישט געקענט געבוירן.

יידיש פאָלק, געענדיקט האָט דיין לייד זיך און אויך דיין שליחות!
מיינע אויגן זעען שוין ביים פעלקער־טיש דיין בלויע קרוין, דאָס גאָלדן־בלויע בליצן — — —
און מיינע פויסטן עפענען זיך האָפנונגס־פולע,
און די ציינער הערן אויף צו קריצן.

נאָר נאָך נישט, ייִד, טאָרסט נאָך נישט די פויסטן עפענען,
מוזט העלפן נאָך די גוטע פון דער וועלט צו פירן זייערע שאַרפע וואָפן,
פאַרוואונדעט איז דער אַנטי־ייִד, דער גרעסטער און דער לעצטער,
עפן נאָך די פויסט נישט — ווייל פאַרוואונדעט איז ער נאָר, זיין האַרץ נאָך נישט געטראָפן.

אָבער ווען דאָס האַרץ פון אַנטי־ייִד, דער לעצטער היה אין אַ צלם־אדם,
וועט צעריסן זיין, און אין שאול צוריקגעפלאָסן זיינע בלוטן, זיינע סמען;
דעמאָלט וועל׳ מיר אַלע, אַלע אויספירן דעם נביאס ווערטער,
און די וואָפן פון דער וועלט, ווי איבעריקע חפצים פון די וועלטן אַרויסראַמען.

און שטיל, ווי תפילה טיף אין האַרץ; וועט אין אונז קלינגען: מיט יאָרן טויזנטער צוריק
האָט אונז גאָט געשיקט און געוועזן זענען מיר געטרייער שליח;
געטון איז דאָס שליחות איצט — גאָטס שליח איז מגולגל
אין זיין לעצטן גילגול שוין — ער איז משיח.

קומט אייך צונויף מיינע חברים, אַלע, אַלע אינאיינעם,
קומט דיכטער יידישע, קומט לעבעדיקע, און תחית שטייט אויך אויף, איר טויטע,
קומט זיך צונויף, מיינע חברים און העלפט מיר אַלע וויינען
טרערן לעצטע נאָך די אַלע יאָרן וויסטע, טרערן בלוטיקע, רובינען רויטע.

קומט אייך צונויף, מיינע חברים, פון אַלע וועלטן־עקן,
איר גרויסע און איר וועלט־באַרימטע און אויך איר, איר אומבאַקאַנטע;
לאָמיר אויסוויינען די טרערן בלוטיקע און רויטע קודם,
און לאָמיר שפּעטער וויינען טרערן ליכטיקע און קלאָרע ווי פּערל און בריליאַנטן.

טרערן פול בטחון אין אַ שטוב — דרייפערטל אויסגעשטאָרבן,
טרערן פול מיט שטאָלץ און פרייד פון דערגאַנגענער שליחות,
קומט דיכטערס יידישע — אַלע, אַלע אינאיינעם —
מיט אָט די טרערן וועל׳מיר אויסזעצן ווי מיט בריליאַנטן אַ פּאָר נייע לוחות.

און דאָס ערשטע וואָרט אין אָט די נייע לוחות — לעצטע לוחות,
אין בלוט אין יידישן געוואַשן און געלייטערט,
וועט אויך אנכי זיין. נאָר — נישט יהוה —
אדם וועט דאָרט זיין דאָס וואָרט, דאָס צווייטע.



# יאָסעניו פון וואַרשע

## אַ באַלאַדע מיט צוויי סופן — אַ שוואַרצן און אַ ווייסן

.1
### שלאָף קינדעניו

שלוף קינדעניו מאַאנס, שלוף קרוינעניו מאַאנס,
שלוף אַאן אויף אייביק, מאַאן קרוין, מאַאן לאַכט,
דאַאן מאַמעלו קען דיר גוניש מער געבן,
נאָר הינגער באַטאָג און שרעק בא דער נאַכט.

שלוף קעצעניו, שלוף, שלוף יאָסעניו — שלוף,
אז דו וועסט מערטשעשעם טויט זאַן, שוין טויט,
עסטו דיר קענען ארומפליען פראַאַ
אויף ביידע זאַאטן פון דרוטענעם פלויט.

נו מאך שוין די זיסע איינעלעך צו,
נו אַ סוף שוין, יאָסעניו, ליכט מיינס, מיין קרוין,
כ'האָב געהייסן אין דער גמינע היינט קומען נאָך דיר
און זיי זענען געקומען שוין.

נו, אַ סוף שוין, פאַרמאַך שוין דיינע אייגעלעך, קרוין,
זע — אין הימל ווארט שוין אויף דיר מיט אַ קוש
דיין זיידעלו באָנטשע, און אַ בולקעלע האַלט ער,
און דאָס בולקעלע איז הייס און די פוטער איז פריש.

.2
### נאָר עס קען נישט שטאַרבן

נאָר עס קען נישט שטאַרבן יאָסעניו און ער זשיפּיעס
מיט די ליפּעלעך — דרייפערטל טויט:

— מאמעלע־קרוין, איז אין הימל דאָרט אויך
וואַרשע צעטיילט מיט א טויער און א פלויט?

און איז דאָרטן, מאמעלע, וואו דו הייסט מיך גיין שפּילן,
אין הימל — ביי יענעם האַר,
דאָ אויך אזויפיל פּאָליציאַנטן?
האָב איך טאַקע מורא צו שטאַרבן דערפאַר.

און עס מוטשעט זיך יאָסעניו שוין א טאָג מיט א נאַכט,
און די מאַמע קריכט אין שרעק פון איר דינער הויט,
און געמוזט האָט אַוועקשטעלן זיין קאָסע אין א ווינקל,
און אַוועק אויף א לחיים דער מלאך פון טויט.

.3
## איז גאָט אריין

און אזוי ווי דער שר־מוות איז פון שטוב ארויס,
איז גאָט אריין — האָט אויסגעזוכט די קוואַרט,
די הענט אָפּגעוואַשן, א ברכה געמאַכט, און פאַרשיינט האָט אין שטוב
ביי יאָסעניוס בעט זיין זילבערנע באָרד.

דער מאַמען הייסט ער זינגען: — זינג ווייטער, מירל.
און יאָסעניון באַווייזט ער א לעקעכל מיט מאָן,
ווערט דאָס קינד באַלד היימיש מיטן ייִדעניו שטאַרק,
און דער זיידע נעמט אים ביים הענטעלע אָן.

.4
## און ער פירט אים

און ער פירט אים איבער גאַסן סמאָטשע, אָקאָפּאָווע,
און זיי פליען איבער מויערן אריבער ווי א ווינט,
און זיי פליען איבער שטעט און זיי פליען איבער לענדער,
גאָט — מיט דעם וואַרשעווער ייִדישן קינד.

און אויף אַלע טורעמס טרומייטערן די וואַכן,
אַלע הויכע פענצטער פּראַלן זיך אויף,
אַלע מענטשן קוקן מיט קיילעכדיקע אויגן
ווי גאָט פליט מיט יאָסעניון אין הימל ארויף.

און ווי זיי זענען שוין אָפּגעפלויגן אפשר טויזנט מייל,
האָט דער חלל זיך מיט דער צייט פאַרמישט,
און אַלע גרעניצן און אַלע צייטן
זענען געוואָרן אָפּגעווישט.

און מלאכים זיי ווערן געבוירן
פון דיקע שטראלן און פון דינער לופט,
און ליכטיקער קלאנג פליט פאר זיי פארויס
און די ליכטיקייט קלינגט און רופט.

.5

## און הימל

און אט זענען זיי שוין אין סאמע הימל,
א פאלאץ אן ווענט, אן סופיט, אן א בריק,
נאר מען גייט און מען פילט זיך פונדעסטוועגן פעסט,
גיט יאסעניו צום זיידן ארויף א בליק,

און ער פרעגט אים: —זיידעניו, זאג מיר פון וואס
זענען דא די ווענט, דער סופיט און די בריק?
זאגט דער זיידע: — קינד מיינס, יאסעניו גאלד,
זיי זענען געמויערט פון אייביקן גליק.

.6

## מען קומט זיך צוזאמען

און די ליכטיקייט קלינגט נאך און רופט און רופט,
און עס קומען זיך צוזאמען די גרויסע געסט
און זיי שטעלן זיך אוים אויף דער בריק פון גליק
און זיי שטייען ווי אויף דער ערד אזוי פעסט.

עס קומען די אמהות מיט די שטערן־טיכלעך
פון גאלד — און די אבות מיט די זילבערנע בערד,
און אויך די מלכים קומען צו פליען
אויף ווייסע פליגל־פערד.

און משה מיט די לוחות, דער אב הנביאים,
און אליהו הנביא אויך,
די אויגן זיינע — צוויי קוילן שווארץ פייער,
און די בארד — ווי א דינער, זילבערנער רויך.

און עס קומען צוגיין די דריי גרויסע נביאים,
און די קלענערע — צוועלף אירע ביינאנד,
און יעדער מיט זיין מגילה
אין דער ווייסער האנט.

און רב ישוע איז דא — פיר רוימישע טשוועקעס
האלט ער אין זיין לינקער האנט,

און אויף זיין מויל לייכט זיך א משל
אזוי ווי א גרויסער בריליאַנט.

און אפילו דער חכם פון אמסטערדאַם,
וואָס קומט קיינמאָל צו קיין סעודות נישט צו,
איז היינטיקס מאָל אָבער יאָ געקומען
לכבוד דעם וואַרשעווער יאָסעניו.

.7

**די בשורה**

און יאָסעניו ווערט פריילעך, אוי פריילעך אזוי,
און ער וואַרפט מיט די הענטלעך א גרוס נאָך א גרוס,
און עס ענטפערן די געסט — — און אליין דער באַלעבאָס
הויבט צו רעדן אָן: — ווייסט איר כאָטש, געסט, אין וועמעס זכות

איך וועל אויסלייזן באַלד די גאַנצע וועלט?
אין דעם קינדס זכות, אין דעם זכות פון זיין צער,
וואָס געטראָגן האָט ער פאַר דער גאַנצער וועלט,
וועט ער איר אויסלייזער זיין דערפאַר.

און עס גיבן זיך א טרייסל אין דער לענג די בערד
פון זילבער און די שטערן־טיכלעך פון גאָלד,
און זיי שווינגן אויס זיבן הימלישע ווערטער:
— זאָל זיין, אזוי האָסטו דאָך גאָט געוואָלט.

און זיי צעפליען זיך איבער דער וועלט!
און גייען אומעטום אויף ווי די זון,
און א נייער טאָג איז אויף אַלע וועלטן
געבוירן געוואָרן דערפון.

.8

**נאָר יאָסעניוס מאַמע**

נאָר יאָסעניוס מאַמע זיצט נאָך אַליין און זינגט,
און זי ווייסט נישט, אז דאָס קינד איז שוין אוועק א גאַנג,
און זי ווייסט נישט, אז די נאָרע און גאַנצע וועלט
הערט זיך איצט צו צו איר געזאַנג.

און זי ווייסט נישט — ווייל ווי קען זי עס וויסן דען,
אז די גאַנצע זאַך איז ערשט צען מינוט.
און דאָך — אין די איינציקע צען מינוט
איז די גאַנצע וועלט געוואָרן גוט.

ווייל דער מענטש איז שוין אזוי געמאכט פון גאָט,
אז אַ שריט איז ביי אים פון גוטס ביז שלעכט,
און פון שלעכט ביז גוט איז ווידער אַ שריט,
און אזוי אויך פון רציחה ביז רעכט.

נאָר ווייל זינט עס שטייט די גאנצע וועלט,
און זינט
מאַמעס האָבן קינדער האָט נאָך קיינמאָל נישט קיין מאַמע
אַ גיכן טויט געבעטן אויף איר קינד,

און ווייל — ס'איז שוין דערגאַנגען אזוי ווייט דאָס שלעכטס
פון דער וועלט — האָט שוין גאָט אליין
איינגעזען מיט זיין געטלעכן שכל,
אז אזוי קען שוין ווייטער נישט גיין.

און ער איז געשטויגן אַראָפּ אויף דער ערד
אין וואַרשע, אויף דער סמאָטשע גאַס,
וואו מירל האָט געזונגען, יאָסעניו געוויינט,
און געווען איז עס בשעת

די קאַלענדאַרן האָבן געוויזן
ניינצן פערציק און איין
און די זייגערס אין דער געטאָ־שטאָט
די שלים־שעה — זייגער ניין.

איז דעמאָלט גאָט אַראָפּגעקומען
מיט חכמה צעשטראַלט און שכינה צעהעלט
צוריקצונעמען אַ נשמה — וואָס ער האָט
פאַר זיבן יאָר געשיקט אויף דער וועלט.

און מיט זיין קומען, זיין קומען האָט גאָט
ווידער אַ יידישן קינד באַשערט
צו זיין די כפרה און זיין דער אויסלייזער
פון אַלע מענטשן פון דער ערד.

און ווידער האָט פּלוצלינג די וועלט דערזען,
און ווידער האָט זי דערהערט,
טרערן אין אויגן און זיפצן אין אַ הארץ,
דעם איינציקן וועג אויסצולייזן די ערד.

און עס וועקט זיך די וועלט, רייבט די אויגן אויס,
נאָך אַ קאָשמאַר — ווער ווייסט ווי לאַנג,
און זי קומט צוריק ווי פון יענער וועלט,
ווי אַ נפש, וואָס איז געווען קראַנק.

און מירל זינגט און זינגט: מאַך שוין די זיסע אייגעלעך צו,
נו אַ סוף שוין, יאַסעניו, ליכט מיינס, מיין קרוין,
כ'האָב געהייסן אין דער גמינע היינט קומען נאָך דיר
און זיי זענען געקומען שוין.

9.

## אַז דער מלאך המוות

אַז דער מלאך המוות איז פון זיין לחיים
געקומען אַ קוק טון ווי ס'האַלט מיטן מת,
האָט ער געטראָפן דאָס בעטעלע ליידיק,
טראַכט ער: נישט גלאַטיק — דאָ איז עפּעס אַ נס,

לאָמיך נאָר האָבן ביי זיך מיין קאָסע!
און ער גיט זי אַ כאַפּ פון וואו ר'האָט זי געשטעלט.
קיין אַרבעט פעלט נישט אין שטאָט, און ווי ר'איז אַרויס
טרעפט ער אין דרויסן אַן אויסגעלייזטע וועלט.

און אויך די מויערן זענען שוין נישט מער געוועזן,
און אויף זייערע חורבות האָט געטאַנצט דער ווינט
אַ ווינטיקס און אַ פריילעכס קעגן אַלע שטורעמס פון אַלע וועלטן
מיטן וואַרשעווער יידישן קינד.

דערזעט דער שר־המוות דאָס דאָזיקע טאַנצן,
און דערהערט אָט אָ די געזעננ,
טראַכט ער: וואָזשע טויג מיר שוין די קאָסע אינגאַנצן,
כ'וועל זי בעסער פאַרטרינקען אין שענק.

און ביים שר־המוות געזאָגט איז געטון,
און איר פאַרשטייט שוין אוודאי,
אַז אויב דער שר־המוות האָט נישט מער קיין קאָסע,
איז אַ סוף אויך צו דער באַלאַדע.

10.

## דער שוואַרצער סוף

און די וועלט איז טאַקע געוועזן דערלייזט,
דערלייזט אינגאַנצן — נאָר מיט איין חסרון,
איין איינציקן קליינעם חסרון,
וואָס מען ווייסט נישט אויף וויפל יאָרן.

.11

## דער ווייסער סוף

און ווער עס וועט זאָגן, אַז די מעשה איז אַ חלום,
און אַ חלום איז דאָך — פאַרשטייט זיך — אַ נאַר,
איז אַ נאַר אַליין, ווייל אַ חכם ווייסט, אַז אויסגעלייזט
קען ווערן די וועלט מיט דער גרעסטער דערלייזונג נאָר מיט דעם גרעסטן צער.

און ווייל זינט עס שטייט די גאַנצע וועלט,
און זינט
מאַמעס האָבן קינדער האָט נאָך קיינמאָל נישט קיין מאַמע
אַ גיבן טויט געבעטן אויף איר קינד.

און ווייל גאָט אַליין ווייסט, אַז אָט דער צער
מוז שוין זיין דער לעצטער צער,
מוז מאַקע די אויסלייזונג שוין די לעצטע,
די לעצטע אויסלייזונג זיין דערפאַר.



# אַ געדענק-ליד נאָך י. י. זינגער און נאָך אַלע פרי-געשטאָרבענע און געשאָכטענע יידישע דיכטער

פאַר וועמען איז אָט אַ דער פרילינג? פאַר וועמען אָט אַ די בלויע הימלען?
פאַר וועמען אָט דאָס זילבער־ווינטל, וואָס קלינגט מיט אַלע האָפענונגען?
פאַר אַלע מענטשן — זאָגסטו? הייסט עס, אַז פאַר מיר אויך? פאַר מיר? איך דאַרף ער נישט
[מער,
אַלע מיינע שעהן האָבן מיר שוין אויסגעקלונגען.

פאַר וועמען בליען אָט אַ די ביימער? פאַר וועמען שפילן זיך די וואָלקנס, ווי די קינדער,
לויפן און אַנטלויפן אַזוי? פאַר וועמען צווּיטשערן אין גרינע צווייגן
אָט אַ די פייגל אַלערליי? און פאַר וועמען זינגען אַזוי צווישן ווייסע בלעטער האָפערדיק
פּאָעמען אַלערליי? פאַר וועמען קלאַפּן זיי מיט זייערע געגראַמטע קלאַפּערגעצייגן?

פאַר וועמען אָט דאָס גאַנצע לעבן? און דער טויט אַפילו?
וועמען נאַרט ער דאָס, בלאָפט מיט אייביקער רו, די מידע ביינער אויסגעצויגן?
מיך נאַרט ער? מיך אויך? איך דאַרף נישט קיין טויט קיין נאַריש־זיסן און פאַרחלומטן.
נישטאָ קיין טויט. אַלץ איז לעבן, געשפּאַנטער אָדער אין אַ בויגן.

און הײַנט דעם בין איך אַ ייד. מיין גורל גייט אין מיר און אַרום מיר,
ווייסט נישט דאָס לעבן און דער טויט, אַז איך בין איינער פון גאָטס מקורבים?
אויב גאָט איז אייביקער גוף — בין איך אייביקער גוף. איז וואָזשע דאָ לעבן און טויט?
און אויב גאָט איז געדאַנק בין איך דאָך אויך נישט מער ווי אייביקע מחשבה.

און אויב אַזוי בין איך דער גרויסער גלייכגילט, אַלמעכטיקער אַלץ־איינס.
ייד.
וואָזשע קען מיך אַרן, וואָס דור אויס, דור איין האָט מען געשאָכטן און מען וועט מיך שעכטן?
איך לעב און בין טויט פון אייביק ביז אייביק און וועל אַזוי טויט זיין און לעבן,
איך בין געוועזן אין קין, דעם ערשטן אומגערעכטן, און וועל זיין אין משיח, דעם לעצטן
[גערעכטן.

איז וואָזשע פאַר אַ שייכות האָט מיט מיר דער פרילינג, בלאָז אים אַוועק. וויקל איין די הימלען
פאַרפּאַק די ביימער. איך האָב נישט קיין נעדולד צו זיי. מיינע בעסטע פריינט זענען טויט —
[אַ העלפט פון מיין פאָלק איז געקוילערט.
אָט אַזוי וויל איך גיין פאָרויס, גלייך, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. קעגן לעבן, קעגן טויט.
אָט דאָס איז עס. די וועלט. דער ווילן. דער גאַנג. הויב אויף די אויגן און דערזע — די אייבי־
[קייט אַרום מיין קאָפּ, דין־זילבערן ווי אַ טולד.

## אַ ליד, וואָס האָט עקספּלאָדירט אינמיטן זינגען

ווי גוט וואָלט געווען איצט אין וואַרשעווער געטאָ צו זיין,
אין דער אָפּגעשלאָסענער, ערב־טויט פאַרזונקענער שטאָט,
הינטער דער, אין איילעניש צונויפגעקלאַפּטער וואַנט,
פון פאַרקאַנעם אַלטע, אַלטע טירן־טויערן, בלעכן און שטעכעדיק דראָט.

נאָך נישט טויט אינגאַנצן אין נשמה, לעבעדיק אביסל נאָך אין גוף,
די קליידער — ווי שמאַטעס אויף אַ פעלד־סטראַשידלע, ס'פּנים איינגעריסט.
און ווידער לערנען: בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ,
והארץ היתה תוהו ובוהו — און די ערד איז געווען פּוסט און וויסט.

ווי גוט וואָלט איצט געווען אין אַן אַלטן בית המדרש
צו באַטלענען מיט גאָט אַליין ווי מיט אַן אַלטן באַלעוויירעניק,
וואָס דעם לעצטן שטערן האָט ער שוין פאַרשפּילט פון זיין הימלישער ירושה,
און קייען אָן געדאַנקען אַן אַלטן געדאַנק — אַמאָל אַהין און אַמאָל צוריק.

דאָס גרויסע ראָד פון דער וועלט האָלט ביים פאַרענדיקן אַ קרייז,
און די וועלט האַלט ווידער ביי בראשית און אפשר גאָר אַ גוט שטיק פאַר — —
פ אַ ר אַלע מלחמות פון נוטס מיט שלעכטס; און מען ווייסט נאָך נישט;
אַז פירן פירן זיי אין ערגעץ נישט, נישט דעם חכם און נישט דעם נאַר.

און אפילו גאָט אַליין, דער יידישער גאָט אין געטאָ איז אינגאַנצן אַנדערש.
דאָ ווייסט דער אַלדינגס־ווייסער, אַז וויסן קען מען גאָרנישט נישט.
אַ, ווי גוט וואָלט מיר דאָרט אין געטאָ געווען — — כ'וואָלט אַ חיהלע געוואָרן,
און ווי אַן עכו"ם קושט אַ געטשעקלע פון שטיין, אַ ציצה־כנפותל וואָלט איך געקישט.

און ווי גוט וואָלט געווען,
און ווי גוט וואָלט געווען — — —
— — אַז נישט דערלעבן זאָלסטו און דו וועסט עס נישט,
נישט דו, שונא! מיר האָבן די צייט פאַרויסגעזען און פאַרויסגעזאָגט קלאָר,
די צייט, וואָס וועט קומען נאָך איצט, די צייט פון די צייטן.
און דאָס, וואָס דו האָסט אויפגעטון — איז, אַז פריער מיט אַ טויזנט יאָר

האָסט: דאָס יאָר פון וועלטן־איבערגאַנג אויף דער וועלט געבראַכט.
פון אַלע עקן פון דער נאַכט שיסט אַרויס געזאַנג,
ברומ־נדיקע חיות ליגן אויף אַלע צעבראָכענע און פּרוכנע שוועלן,
זייערע רייס־ציינער ברענען אין דער נאַכט און רייסן זיך צום טאָג פון פּאַרצופן.

אַן אייזערנער ריז, אַ רואה ואינו נראה שטייט הינטער יעדן געבויגענעם רוקן,
די נאַכט פלאַקערט מיט האַפּן פון מזרח, מערב, דרום און צפון,
אין יעדן טויטן שווייגן שופרות שאַלן, אין די ווענט ריזלט אַ ברעכן און אַ פאַלן
טויטע — נאָך אַ רגע, ליינט אייך נאָך נישט אין די קברים,
ליינט דאָס אויער צו דער צו, הערט ווי זי ציטערט,
אויפלייזערס אייזערנע רייטן פון מזרח און צפון,
ווענדט די אויגן צו דעם הימל צו, זעט ווי ער פלאַטערט,
אויפלייזערס שטאָלערנע פליען פון מערב און דרום — —

טויטע אין דער טויטער שטאָט,
ס'איז ווידער צייט — שטייט אויף —
נישט ביים סוף —
ביי אַ נייעם אָנהויב האַלט דאָס גרויסע וועלטן־ראָד!



## 22טער יוני 1941

...און אויסגעשטרעקט האָט ער זיך אויף דער ערד, דער בלוט־יונגער רויט־אַרמעער,
מיט אַ קויל אינמיטן הארץ און צום סאַמע מיטן הימל זיינע אויגן — —
און געבליבן שטיל. ווייטער זענען אים פאַרביי זיינע חילות אוועק,
און איבער זיין קאָפּ זענען ווי פייגל די עראָפּלאַנען געפלויגן און געפלויגן.

פול מיט זומער און מיט שפע איז די ערד אַרום אים געלעגן.
— שנייד מיך — רופט דער קאָרן — ברענג מיך אין שייער, אין דער קילער קאַמער —
בעטן זיך די רייפע פירות פון די ביימער — — און זיי רופן אים:
איוואַן און איוואַן — נאָר ער הערט נישט, דער טויטער ריטער פון סערפּ און פון האַמער.

בלויע און גרויסע זענען זיינע אויגן געוועזן, זיי ליגן איצט אָפן
אַנטקעגן די לעבעדיקע הימלען — צוויי קליינע, טויטע שפיגלען.
אַזוי גיך ווי נאָר די חילות וועלן דאָ פאַרביי וועלן זיך קראָען
עראָפּלאַנען אויף זיי און זיי מיט נאַכט אינמיטן טאָג פאַרזיגלען.

נישט אויף אַן אמת האָב איך דאָס בילד, וואָס איך באַשרייב דאָ, געזען מיט די אויגן,
דאָס בילד האָט נאָר דאָס אומרואיקע קלאַפּן פון מיין הארץ געצייכנט
אויף דער לייוונט פון מיין ווייסן חלום מיט דעם שווערן בלייער פון מיין שווארץ געוויסן,
בשעת אַליין האָב איך געוואָרפן מיך אויף אַ געלעגער אויף אַ ווייכן.

און אָט אַזוי האָב איך די גאַנצע נאַכט גערעדט צו זיך: איך בין דיך מקנא, מקנא איוואַן,
דו אויף דער שטילער ערד, איך אויף אַ צערודערט בעט, און דו ביזט דערהויבן —
ווייל איך בין לעבן געבליבן, לעבן, לעבן מיט ערד, מיט שטויב, מיט צווייפל,
און דו, שיינער, בלאָנדער איוואַן, ביזט טויט, געשטאָרבן, אָבער מיט הימל, מיט ליכט, מיט גלויבן.

## אַז אויך יאַפּאַן איז אַריין אין דער מלחמה בין איך
## אַ טאָג לאַנג פּשוט משוגע געווען

און אַט דאָס געשריבן:

איך, מלך ראַוויטש, אַ שאָטן פון אַ קאָסמישן עלעקטראָן אָדער אַטאָם,
האַלט היינט דעם אוניווערז אין מיינע הענט — האַמלעט מיטן שאַרבן —
היינט מוז איך אָננעמען אַ באַשלוס וועגן וועלט, גאָט, לעבן און שטאַרבן.

איך, מלך ראַוויטש, אַ שאָטן פון אַן עלעקטראָן אין קאָסמאָס, האָב מיך דערטראַכט,
אַז איך בין שטאַרקער און גרעסער פון אַלע וועלטן, דער גיבור פון די גיבורים,
ווייל איז מיר קומען אַלע וועלטן אויף — מיט מיר ווערן זיי פאַרלוירן.

מיינע אָרעמען זענען גוט באַוואָפנט: אַ פענצטער אויפן דריטן שטאָק,
אַ טויט ראַזיר־מעסערלעך, אַ שלייף געזונטע שטריק, כ'פּאַק מיט זיי מיינע וואַנדער־וואַליזעס.
ציטער גאָט, שרעק זיך וועלט, כ'וואָרן דיך, כ'בין אינמיטן שטורעם פון אַ קריזיס.

מיר געהערט די וועלט, זאַשיע אייך אַלעמען, מיר דער זומער, ווינטער, ים און ערד,
מיר די לבנה, מיר די פּלאַנעטן, זון, שטערן און אַלע קאָסמישע סיסטעמען,
מיר געהערן זיי — כאָטש איך מיאוס מיך פּשוט זיי אין מיינע הענט צו נעמען.

אַזוי איז די נאַטור פון מלך ראַוויטש, דעם האַר פון דער וועלט, ר'האָט דאָס נעמען פיינט,
אָבער אומענדלעך שטאַרק איז ער, שטאַרקער ווי גאָט, ווען ס'קומט צום געבן,
שטאַרקער ווי גאָט, שטאַרקער ווי טויט אין טויט, כאָטש נאָר אַ שאָטן עלעקטראָנישער אין לעבן.

פאַרטאָג שוין, פעסט ווי האַמלעט דעם שאַרבן, האַלט דעם קאָסמאָס איך אין מיינע הענט.
קיין כפּק, אַז איך הערש איבער גוטס און שלעכטס — פּשוט, מיט אַט דעם פּילאָזאָפירן,
פענצטער, מעסערלעך און שטריק זענען מיינע סימבאָלישע הערש־מכשירים.

הויכער טאָג איז שוין געוואָרן, זונענבלאַסק, מיין זון — פאַרשטייט זיך, אויף שניי און דאַך,
דער ראַדיאָ הויבט אָן גיין פון זיך אַליין, דער קאַסטן־פּיסק וואַרפט שוואַרצע בשורה־סטענגעס,
און מיר איז פרייילעך, אַזוי פרייילעך: קעסטעלע, האַלט נישט איין, אַרויס, אַרויס ברענג עס.

די זון, מיין זון שיינט אויף מיר, אַ רחמנות באַפּאַלט מיך אויף מיין אוניוועדז;
ציטער נישט וועלט, מיין אָרימע וועלט, איך וועל דיך דאָ אַליין נישט לאָזן,
כ'וועל לעבן ווייטער, נייגעריק און פריילעך ווי אַ קינד מיט נאָך און נאָך זייפן־בלאָזן.

נאָר זיי ווייסן, קראַנק ממזרל מיינס, שמוציק חיהלע פון ווילדן וואַלד אַרויס,
אַז איך, דיין פאָטער, האָב איצט פּראָקלאַמירט אין מיין פּאַלאַץ, מיין דיקטער־צימער,
אַז איך בין דיין האַר. געדענק: נישט באַזיץ בין איך — נאָר דער וועלטן־אייגנטימער

מיושבער עפּילאָג:

אַט אַזוי וועט אפשר מיר, ראַוויטש, בידנעם יידן־דיכטער אין קאַמף מיט אוניווערז,
געלינגען מיט אַט דעם משוגענעם ליד מיינעם, פול מיט שגעון'ען אייביק יונגע־אַלטע,
דורך אַט דעם וועלט־קריזיס זיך — און ממילא די וועלט — ביים לעבן צו דערהאַלטן.

10טן דעצעמבער 1941.



## אַקטועלע שורות

### אויף די ראַנדן פון די רייד פון הענרי א. וואַלאַס

הענרי א. וואַלאַס איז דער וויצעפּרעזידענט פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע זינט 1941. פון צייט צו צייט האַלט ער רעדעס — אפשר די איינציקע, וואָס אָטעמען מיט עכטן נביאישן גייסט אין דער איצטיקער אַפּאָקאַליפּטישער צייט. בשעת דער פייערונג פון 25 יאָר ראַטן־פאַרבאַנד האָט ער געברענגט צום אויסדרוק אַ וויזיע פון דער וועלט פון מאָרגן — אַן איינהייטלעך, וואונדערלעך געוועב — אַמעריקע און די בריטישע פעלקער־מלוכה וועלן זיין די לענגס־פעדים און דער פאַרבאַנד — די ברייט־פעדים. אָפט רעדט וואַלאַס וועגן דעם גרויסן אידעאַל צו באַזאָרגן אין דער קומענדיקער וועלט יעדן מענטש, יעדן טאָג מיט אַ קוואָרט מילך. ער איז אַ דורכאויסיקער רעאַל־פּאָליטיקער פון 20טן יאָרהונדערט כאָטש זיין וועלט־אָנשויאונג איז דורכאויס אַ ביבלישע — פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט.

.1

אויף מיין טיש, אויף מיין עמוד, מיין מזבח צו מיין גאָט,
האָב איך אַ מנורה אַנידערגעשטעלט —
אַ גלאָבוס פון דער וועלט. און אזוי ווי אַ מזרח פאַר מיינע אויגן
הענגט שטענדיק אַ גרויסע מאַפּע פון דער וועלט.

.2

און דאָס טראַכטן פון מיין מוח און דאָס פילן פון מיין האַרץ
איז אייביק צו מיין מזרח און מנורה געווענדט.
און פּונקט ווי אַ פאַרליבטער דאָס בילד פון זיין געליבטן,
קעם איך אָפט דאָס פנים פון דער ערד מיט די הענט.

.3
כ'האָב אין שטויב פון דער ערד דורך יאָרן און יאָרן
געוויסט מיינע שיך, קאָנטינענט נאָך קאָנטינענט,
און אין יעדן פון אירע בלויע אָקעאַנען
געשפּיגלט דאָס פּנים און געוואַשן די הענט.

.4
און ברויט פון דעם קאָרן פון גאָט ווייסט וויפל קאַמערן
געגעסן — און אריינגעביסן אַלע מינים פּרוכט,
און ביי אַלערליי מענטשן פון כלערליי פאַרבן
דעם טעם פון פריינטשאַפט און פיינטשאַפט פאַרזוכט.

.5
ווי אַ פרומער אין אַ קירך ציילט דעם רויזן־קראַנץ פּאַרטיפּט,
שלים אָפט איך די אויגן — און לאַנגזאַם דריי איך דעם גלאָב —
דעמאָלט גייט ווי אומענדלעכע מדבר־קאַראַוואַנע
די מענטשהייט דורך די הייסע מחשבות פון מיין קאָפּ.

.6
כ'עפן ווידער די אויגן — —און עס שימערט מיין מנורה
מיט אַ גאָלדענעם שימער פון זון־אויפגאַנג־ליכט;
כ'עפן ברייטער און ברייטער די אויגן — און פּלוצלונג —
אַ וויזיע וואונדערלעך־אומגעריכט.

.7
ס'איז אַן עפּל די ערד, אַן עפּל, וואָס ס'האָט אים מיט שטראַלן־הענט
גאָט אַליין געריסן — נישט פון בוים פון וויסן,
נאָר פון דעם בוים פון דער אייביקייט —
און געוואָרפן אים אין דעם חלל אריין:
נעם דיר אים אדם, מיין זון, דער עפּל איז צייטיק און גרייט!

.8
גאָט קוקט אויף זיין ערד, ווי זי קוילערט זיך און קוילערט,
און הימלישן נחת האָט ער דערפון,
און ער קוקט אויף די רייפע קאָלירן פון איר צפון,
ווי די קאָלירן פון אַן עפּל אין דער זון.

.9
דאָרט שימערן צוויי לענדער אויף זיין עפּל, אויף דער ערד,
אויף איר גאַנצן, קיילעכדיקן צפון־שטרייף.
און ווידער רופט גאָט אין דעם חלל אריין:
אדם — וואו ביזטו? דער עפּל איז רייף — — —

.10

גאָט ווייסט אויך דעם נאָמען פון די לענדער, די רייפסטע,
און אַ ברכה מאַכט ער און ער בענטשט מיט זיין האַנט —
אַכט און פערציק פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע,
זעכצן רעפּובליקן פון ראַטן־פאַרבאַנד —

.11

און די בריטישע, וועלט־ברייטע פעלקער־מלוכה,
וואָס אייביק איז טאָג אין איר — אייביק איז נאַכט,
און אייביק באַשטורעמט זי ערגעץ־וואו אַסיען,
און אייביקער פרילינג איר יונגט באַוואַכט.

.12

און כינע בענטשט ער, דער זקן און חכם פון פעלקער,
וואָס קיינער קען נישט די צאָל פון זיינע טעג,
און קיינער קען נישט די צאָל פון זיינע קינדער,
ווי די צאָל פון זאַמד ביי דעם יאַנג־צע ברעג.

.13

און אַלע פעלקער — מיט זיי פאַרייניקט,
אָפט נאָר אין גייסט — ווייל אין תפיסה שמאַכט
זייער קערפּער נאָך און וואַרפט זיך אין קייטן
אין איראָפּעס באַרטאַלאָמעישער נאַכט.

.14

און עס האָבן שוין נביאים אין די רייפסטע צוויי לענדער
גאָטס רוף דערהערט און געענטפערט: איך בין דאָ —
איך האָב אדם געהייסן, ווען דו האָסט מיך פאַרטריבן,
און ביליאָן איז מיין נאָמען אין דער ווידערקער־שעה.

.15

יאָ — גיב אונז דעם עפּל — רופן די נביאים,
יאָ — אונז קין און הבלען פון דעם ערשטן דור,
יאָ — איצטער קומען מיר בײדע צוזאַמען,
דאָס ווידערגעפונענע ברידער־פּאָר.

.16

און הער אונזער חלום — גאָט אין די הימלען,
אָט איז ער אין בילד און וואָרט:
פאַר יעדן מענטש יעדן טאָג אַ לאַבן
ברויט אויפן טיש און מילך — אַ קוואָרט.

.17

יאָ — אַזוי איז פּראָסט אונזער חלום — גאָט,
צוויי ווערטער: מילך און ברויט —
און דער קאָשמאַר פון אונזער שונא:
בלוט און טויט —
העלף אונז — גאָט!

.18

אַזוי הער איך די רייד פון די גרויסע נביאים
פון דעם הימלישן, רייפן עפּל — ערד.
און ס'צעוויינט זיך מיין האַרץ, מיין יידיש האַרץ,
פון גרויסן גליק און פון שטילן צער:
פאַרוואָס האָסטו, גאָט, אויך אונז נישט באַשערט —

.19

דעם פאָלק פון נביאים, אין דעם טאָג פון די טעג,
צו וואַרפן אויך אונזער נביאס אות
אויף דער גרויסער וואָג — — — אין דער רגע, ווען פול ווערט
מיט יידישן בלוט דער בלויער כוס?

.20

און באַשערט איז אונז נאָך אין דער שעה פון די שעהן
ווי שטויב זיין צעטרעטן — — — און בראָכיק ווי זאַמד
איז דאָס ביסל, וואָס האַלט זיך; בשעת רייף ווערט די ערד,
און מיט רייפקייט ווי אַן עפּל אין איר צפון פלאַמט.

.21

נאָר — גם זו לטובה. — אונזער וואָרט איז געוועזן און אייביק וועט זיין
ווי אַ כתובה אונטער דער וועלטס פונדאַמענט.
און איז אונז נישט באַשערט אונזער וואָרט איצט צו געבן,
איז לאָמיר כאָטש אויסשטרעקן אונזערע הענט —

.22

און געבן אונזער מי און נעמען, וואָס אונז קומט
ביי דער גרויסער סעודה, וואָס געגעבן ווערט
פון די גרויסע ברידער, וואָס גאָט האָט דערהערט,
און זיי האָבן גאָט אויך דערהערט.

.23

און זיי נעמען זיך שוין גערעכט צו פאַרטיילן,
זיי האָבן שוין הויך די אַרבל פאַרשאַרט,
די אוצרות פון געטלעכן עפּל —
און די מענטשהייט, ווי אַ קינד, ווי אַ גלויביקס, שטייט און קוקט און וואַרט.
.1942

# בשעת דעם קאַמף אין סטאַלינגראַד

וואָס פאַר אַ וועלט איז דאָס? וואו בין איך דאָס אַריינגעפאַלן און וואָס טו איך דאָ?
איך קוק אויף דעם קאַלענדאַר: 1942. אויף דעם לוח: 5703.
אַ יידישע צייטונג אויפן טיש. קעפּלעך: וואַרשע, ווילנע, קיעוו, מינסק — בית עולמס.
און די גאַנצע ערד אין אוניווערז, אַ קיילעכדיקע מכּה, וואָס פּלאַצט פון וויי.

איך האָב מיך פאַרטיפט אין אַ בוך מיט בילדער וועגן אורלעבן אויף אונזער פּלאַנעט,
אפשר וועל איך דאָ געפינען דאָס שפּענדל פון טרייסט,
שפּעטער האָב איך געבלעטערט איך תנ"ך — אין נייעם טעסטאַמענט,
שפּעטער גענומען אַ פּאָר פּסוקים אויף צו שטאַרקן זיך — פון ספּינאָזאָס שאַרפן גייסט.

שפּעטער בין איך צון אַ שפּיגל צוגעגאַנגען, לאַנג אין אים אַריינגעקוקט,
פאַרגלייכט מיין פּנים, אויגן, נעגל, נאָז און ציין
צו דעם פּרצוף, אויגן, נעגל, נאָז און ציין פון טיראַנאָזאַורוס,
וואָס פאַר הונדערט יאָרמיליאָנען איז די ערד געווען אינגאַנצן זיין.

און אָט רעד איך, טאַקע יידיש, און מיט הענט צום שפּיגל: זינט קריסטוס — 1942, אדם — 5703,
און אויב נישט פון אדם, נאָר טיראַנאָזאַורוס וואָלט די יאָרן איך געציילט,
וואָלט דער קאַלענדאַר געוויזן היינט: 100.000.003 — —
און אַ יאַשטשערקע האָט דורך מיין חוט־השדרה גיך אַראָפּגעאיילט.

אַראָפּ אין גאַס! די יאַשטשערקע מיט מיר — אין משוגעת־רינגען אַרום מיר אַרום.
מיט אַ זיפץ איז אויף מיין אַקסל אַראָפּ אַ בלוט־רויט פאַרפרוירן בלאַט.
איך לייג עס צו מיין שטערן צו ווי אַ טרייסטוואָרט גלייך פון גאָט.
ערגעץ שרייען צייטונגס־בלעטער מיט אותיות־טיראַנאָזאַורוס־ציין: סטאַלינגראַד־גראַד־גראַד!

אין פּלוצלינג פיל איך ווי אַ בליץ, אַז אָט דאָס וואָרט וועט מען געדענקען ביז צום סוף,
ווי מען געדענקט אַ גרויסע רגע פון לעבן אָדער טויט־באַשייד,
און אַז פון איצט וועט פירן אונז דער וועג — אָדער אַרויף, אַרויף, אַרויף —
אָדער צוריק צו דער טיראַנאָזאַורען־צייט.

# אַ בילד פון טויטע קינדער

דער בליק איז פאַרשטאַרט, דאָס אויג איז פאַרשטיינערט געוואָרן,
שוין שעהן ווי כ'קוק אויף אַ בילד, און אפשר זענען דאָס יאָרן,
טויטע נעטאָ־קינדער, גלידער צעבויגן, דינע חלב־ליכטלעך, קאַלט, פאַרלאָשן, אויסגעלאָכטן,
איך קוק שטאַר, קאַלט, און פּלוצלינג שמייכלען די פּנימלעך, די גלידערלעך אין טאַנץ פאַר־
[פלאָכטן.

אוודאי אין טאַנץ. זע, זיי האַלטן זיך נאָך ביי די הענטלעך, זיי האָבן זיך נאָר אַוועקגעלייגט,
עס איז זיי הייס געוואָרן, האָבן זיי די העמדעלעך אַוועקגעוואָרפן, שטאַרן די ריפּן
פון די ברוסט־קעסטלעך אַפיר. און איך האָב גענומען עפּעס רעדן אָן אַ זין אַליין צו מיר,
אָן אַ זין און אינגאַנצן אָן ווערטער, אָן קלאַנג, איך האָב נאָר גיך געמאַכט מיט די ליפּן.

די זון איז פאַרגאַנגען. און אפשר די וועלט. די נאַכט האָט אויפגעגעסן דאָס בילד.
איך בין אַראָפּ אין גאַס. שטיל. שטילע לאַמטערנעס אין אַ לאַנגער שורה הענגען.
איז מיר איינגעפאַלן: — אַלע ליכטער פון דער וועלט האָבן זיך אויפגעהאָנגען.
משוגע? איך? און אפשר ער? ווער? איך האָב מורא דאָס וואָרט אויף די ליפּן צו ברענגען.

# איבער אַ פאָטאָגראַפיש בילד

מיט מיינע אויגן, גלעזלעך פון לייב, וואָס שטעקן אין מיין מוח, האָב איך געזען אַ בילד אַזאַ:
פוילן — 42 — אַן אָפּגרונט־טיפער גרוב מיט הונדערטער נאַקעטע, מענטשלעכע לייבער,
מאָגער־גלידערדיקע, געשוואָלן־בייכיקע, אויסגעקליידערטע, אָנגעשליידערטע, אויסגעמישטע,
אַ קאַשע פון לייבער — יידן, גוים, קינדער,מענער, יונגע און אַלטע ווייבער.

און ס'איז געווען מיטאָג, געוואָרן פאַרנאַכט, איך האָב געקוקט אויף דעם בילד אַ שעה נאָך
[אַ שעה,
איך האָב געקוקט אויף דעם פּאַפּיר ביז וואַנעט איך האָב גאָרנישט מער פאַרשטאַנען,
גאָרנישט מער געדענקט, גאָרנישט מער געוואוסט, ביז די גרויל האָט, ווי האַלב־טויטע לייז
וואָס שטייען אויף תחית המתים, איבער מיין לעבעדיק לייב גענומען שפּאַנען.

איך האָב אַפילו פאַרגעסן, אַז אויף דער וועלט זענען דאָ דייטשן, פּאָליאַקן, ענגלענדער, יידן,
און געדענקט האָב איך יאָ, אַז ערגעץ דאָרט אין פוילן האָבן מיר אַלע נאָך אַ לעבעדיקע מאַמען,
און ווי אַ זאַך מאַכט זיך, היינט איז עס דאָך מעגלעך, אַז אויף דעם פּאַפּירענעם בילד אַדאָ
זע איך זי, קוק אויף איר, נאָר איך דערקען זי נישט, ווייל זי איז אויסגעניורעט מיט אַלע ליי־
[בער צוזאַמען.

און אַזוי ווי איך האָב שוין זינט אַ דריי שעה פאַרגעסן, אַז אויף דער וועלט איז דאָ אַ גאָט.
האָב איך אויך נישט געדענקט, אַז איצטער וואָלט פונקט גוט געווען מיט אים זיך אויסצוטענהן,
און אַזוי ווי איך האָב אַלע מיינע פינף חושים אין דעם פּאַפּירענעם גרוב אַריינגעגראָבן,
האָב איך אויך מיינע אויגן נישט געפילט — און אָן אויגן קען מען דאָך נישט וויינען.

טיף צו פאַרנאַכט שוין בין איך צו זיך געקומען, אַרויסגעשלעפּט די פינף חושים פון דעם בילד
צוגענאַנגען צון אַ שפּיגל און געמאַכט אין אים אַריין מאָדנע, ווילדע העוויות.
שפּעטער האָב איך געלאַכט צו זיך אַליין, געגעניצט ווי אַ הונט, שפּעטער ווי אַ וואָלף געבילט,
און צום סוף לאַנגזאַם, טראַף ביי טראַף געזאָגט: איך, דו, ער, זי, מיר, איר, זיי — אַלע זענען
[חיות.

# קאַנאַדישער ווינטער-נאָקטורנאָ 1943

עס גייען צייטונגען, גייען אויף מיין טיש, ווי ס'גייט דער שניי,
גייען טאָג און נאַכט, גייען שיכט נאָך שיכט.
די שוואַרצע פינטעלעך שיטן זיך און שיטן אויף מיין טיש, שוואַרצע קרישטאַלן,
פאַלן און פאַרדעקן אַלץ — טיף און שווער און געדיכט.

און אויך אין דרויסן גייט אַ שניי, פאַלט און פאַלט אויף פענצטער, דאַך און גאַס,
שיכט נאָך שיכט. פון טאָג אַרויס — אַרויף אויף נאַכט.
די ווייסע פינטעלעך שיטן זיך און שיטן אויף אַלץ — ווייסע קרישטאַלן.
ס'איז שטיל. ס'ווערט שטילער. די גאַנצע וועלט — איין שטוב. טירן, פענצטער — פאַרמאַכט.

נאָר אין דער שטילקייט פון דער נאַכט ראָיעט איינער, ראָיעט אין צייטונגס־פאַפירן,
וואַרפט זיך אַהין און אַהער — פונקט ווי אַ געיאָגטער שטשור
וואָס וויל זיך באַהאַלטן. קלאַפּט ער אין אַלע ווענט — און אַלע ווענט ענטפערן: וואַנט...
נישטאָ קיין אַרויס פון אָט דער שוואַרצער ליטעראַטור.

און פּלוצלינג דערזע איך אַ טיר. מיין אייגענע טיר. איך פּריוו, זי עפנט זיך.
כאַפּ איך דעם מאַנטל און דאָס היטל און איך לויף אַרויס.
דער שניי באַרויקט. נעמט מיך איין. מיר ווערט גוט. דער שניי נעמט מיך אַרום.
מיר גייען ביידע שוין. דער שניי — און איך. פאַרטאָג. פון ווייטן גיט אַ סקריפּ אַ הויז.

פון ווייטן גיט אַ סקריפּ אַ הויז און עמיץ קומט פון דאָרט אַרויס
און גייט אַנטקעגן אונז, דעם שניי און מיר. נעענטער גייט ער. שוין אינגאַנצן נאָנט.
אין שיין פון הויכן גאַס־לאַמטערן גייען מיר זיך פונקט פאַרביי.
און לויט דעם פאַרטוך פון דעם מאַן — האָב איך זיין פאַך דערקאָנט.

אַ קייליער. — און כאָטש צוויי פרעמדע — אין פאַרטאָג האָ'מיר זיך באַגריסט.
ער האָט אַ וויש געטון זיין פאַרטוך און אַ ריר געטון זיין הוט.
איך האָב געענטפערט, שטיין געבליבן, נאָכגעקוקט דעם פרעמדן מאַן
און געזען, אַז אויך די פּלייצע פון זיין פאַרטוך האָט אַ גרויסן פלעק פון בלוט.

די שוואַרצע פינטעלעך שיטן זיך און שיטן אויף מיין טיש, קרישטאַלן שוואַרצע,
ווידעוי אין שטוב. ווידער גייען צייטונגען אויף מיין טיש, ווי ס'גייט דער שניי,
שיכט נאָך שיכט — — ווי דער וועלטס אומענדלעכע גערעכטע.
פאַלן און פאַרדעקן אַלץ מיט פלאַסטן טיפע, שוואַרצע, שווערע און געדיכטע.

# תפילה ביים בלוט געבן

אָנאָ — איך בעט דיך, נעם דאָס דינע שטראָמל בלוט מײַנס,
נעם עס צו מיטן גאַנצן האַרץ, מײַן ברודער, אַזוי ווי כ'גיב עס דיר מיט האַרץ,
מײַן גוף גיט, מײַן נשמה גיט און איך בין פול מיט געבן,
כאָטש געבן וואָלט איך געדאַרפט מער — אַלץ,
נאָר אַ זינדיקער נפש וויל לעבן.

אָנאָ — נעם עס, ווער דו זאָלסט נישט זײַן,
קוליע דיך, טוליע דיך ווידער מיט דײַן מיידל אויף אַ לאָנקע אין גרינע, טיפע גרעזער,
צי באָד דיך אין ים מיט דײַן לינקער געליבטער, צי פלי אין לופטן ווידער,
מאַנץ — ס'איז דײַן וועלט, דו האָסט זי געראַטעוועט,
ווייסער דזשאָן, איוואַן, יענקי — אָדער טשאַן, געלער כינעזער.

אָנאָ — נעם, נאָמענלאָזער פון אַ נאָמענלאָזן —
עס פליסט, איך פיל דאָס פליסן, אין מײַנע אָדערן ריזלט מיט פליסן,
ווי אין די אײַנגעווײדן פון אַ קוואַל,
יהי — זאָל עס די ווידערבאַפרוכפּערונג פון אַ לעבן זײַן,
עמיצנס אַ לעבן, אַ יונגן און אַ זיסן.

דו וועסט מײַן פּנים קיינמאָל נישט זען, איך וועל דײַן פּנים קיינמאָל נישט זען,
ביידע — נישט באַקענטע אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן,
איך פון ווערטער געגראַמטע און דו — פון צעפּלאַמטע טאַטן.

און כאָטש איך גיב — אָנאָ — נעם אָן מײַן דאַנק
פון מיר און פון דורות פאַר מיר, דורות נאָך מיר,
דו וועלטן־דערלייזער און באַפרייער,
אָנאָ — באַוויליק אין לייטזעליקייט מײַן אָרימען צושטייער.

דו האָסט אײַנגעשטעלט — נישט קיין וואָרט, נאָר טאַט,
איז דעריבער נישטאָ אין מענטשלעכן לשון קיין וואָרט דיך געגוג צו באַוואונדערן,
נישטאָ אַזאַ אוצר אין אוניווערז, וואָס זאָל דיר באַצאָלן,
ווען אַפילו מען זאָל אים דיר דערלאַנגען ווי אויף טעלערס אויף אַלע טאָלן,

און אַלע באַנרשפּיצן זאָלן ווי פייער־בערג דאָס דאַנקען דונערן.
האָסטו דען נישט דאָס לעבן, דיין גאַנצע וועלט,
פאַר אַלע איבעריקע וועלטן איינגעשטעלט?

אַנאָ — נעם מיין בלוט און ווער געזונט, יעדער טראָפּן זינגט:
זיי געזונט, זיי געזונט —
יהי — זאָלסט ווערן גענעזן.
דו האָסט די וועלט מיט דיין קרבן — ניי באַשאַפן,
דו ביזט אַ באַפרייער פון הונדערט דורות שקלאַפן.
און אַזוי ווי דיין טאַט איז אַ טאַט, וואָס וועלטן צוויי פאַרבינדט,
אַנאָ — זאָל אַט דאָס דינע שנירל בלוט מיינס העלפן אָפּצובינדן
די וועלט, וואָס פוילט מיט געוועזן,
פון דער וועלט, וואָס שטראַלט מיט זיין.



# די לעצטע פראַגע

געשריבן דעם 7טן מאַי 1940,
איבערגעשריבן דעם 7טן מאַי 1945.

די מעשה איז פשוט, די מעשה איז פּראָסט,
דערציילט זיך ווי: צוויי מאָל צוויי — פיר.
אַ מעשה מיט אַ יינגל פון אכצן יאָר,
אַן ענגלישן לופט־וואָלונטיר.

ס'איז געווען און געשען אין די ערשטע טעג
פון דעם צווייטן, גרויסן וועלט־קריג,
ווען עס האָט זיך דער יינגל פון אכצן יאָר
צו די פליער געמעלדעט פרייוויליק.

— דער שונא איז אונזער — געטראַכט האָט ער קלאָר —
און נישט שיין שאַרן פייער מיט פרעמדע הענט,
ס'איז אַ קריג פאַרן מענטש — איז ער דען נישט קיין מענטש?
און אוודאי קען מען ווערן אין פייער פאַרברענט.

ר'האָט מיט קיינעם נישט גערעדט. ס'האָט אים קיינער נישט
מיט ווערטער דאָס האַרץ צעגליט.
און גלויבט מיר — איך וואָלט בעסער זיין אין זיין הויט,
איידער דאָ, אין דער זיכערקייט, שרייבן דאָס ליד.

און כאָטש ביל, ביל האָט ער געהייסן, איז געווען
אַ בוך־מענטש, פלעגט ער פליען שאַרף ווי דער רויבפויגל פליט,
און געשאַרט אין וועלט־פייער מיט די דינע הענט,
און האָט שוין נישט איינמאָל זיך אָפגעבריט.

און געטראָפן האָט, וואָס טרעפן מוז
פריער אָדער שפּעטער כמעט יעדן סאָלדאַט:
אין די נאַכט הימלען איבער זיין אינזל־לאַנד
האָט ביל אַמאָל אַ שאַרפן קאַמף געהאַט,

און אראָפּנעפאַלן ווי אַ שטערן פאַלט,
ערגעץ אויף אַ פעלד אויף דער ענגלישער ערד,
דריי וואונדן אין אים — ר'האָט געשריגן, געשריען,
נאָר עס דויערט ביז מען געפינט און דערהערט.

ר'האָט זיך לאַנג געוואָרפן אין דער קלעמעניש
פון דראָט און פון בלעך, אַלומיניום,
און דאָס שרייען איז אויסגערונען מיטן בלוט,
און אַלץ איז שפּעטער צוגעגאַנגען שטום.

ביל טראַכט פון פרילינג, וואָס איז ערגעץ דאָ נאָנט,
און ער שמעקט און ער פילט דעם ערד־גערוך,
און ער הערט ווי עס קאַפּעט זיין בלוט צו דער ערד,
דער פרילינג־ערד פון דעם אָפענעם ברוך.

און אַז לייכטער, נאָך לייכטער איז געוואָרן זיין האַרץ,
האָט ער פּלוצלינג דערזען זיין מיידלס בילד,
כאָטש ער שווייגט צו איר — רעדט זי צו אים —
און פּלוצלינג זינגט זי — און עמיצער שפּילט.

און פאַרשפּילט און פאַרוויגט אים אין אַ לאַנגן שלאָף,
און אפשר איז עס נאָר אַ רגע געווען,
און אין אָט דער רגע האָט זיין לעבן ביל,
אַלע אכצן יאָר צוזאַמען דערזען.

און פּלוצלינג אויס. ס'איז פינצטער. נאָר געדאַנקען
קומען און נייען געדאַנק נאָך געדאַנק:
אָט שטייט ער און באָט אָן זיינע אכצן יאָר,
און ער טראַכט צי עס טוט אים איצט באַנג —

ס'איז אַ קאַמף און אַ קאַמף האָט דאָך זייטן צוויי,
נו האָט ער זיך געשטעלט אויף דער אמת־זייט.
און ער הערט ערגעץ רינען ווי אַ זאַמד־זייגער רינט
און רינט אויס, און ער ווייסט. אַז דאָס איז זיין צייט.

און ער טראַכט: מיין לאַנד איז גערעכט — גערעכט —
מיין קבר וועט פאַרדעקן די גערעכטע פאָן.
אַז מען האַקט אַ וואַלד — פאַלן שפּענער אַ סך — אַ סך —
און ביל איז שוין אויך אַ געפאַלענער שפּאָן.

און פּלוצלינג פילט ער, אַז ער איז נישט מער ער,
נאָר עמיץ אַנדערש, וואָס זיין לעבן הויבט אָן,
און ווי די קינדער טראַכטן וועגן זיך
טראַכט ער איצט אויך אין דער דריטער פּערזאָן.

ס'איז נאָך פינצטערע נאַכט, נאָר טאָג איז אין אים,
און ווי אין מיטן טאָג איז אַלץ קלאָר,
און קיין חרטה־געדאַנק קומט נישט אויף
איבער נישט דערלעבטע ווער ווייסט וויפל יאָר.

און שוואַכער, זעלטענער גיט אַ קלאַפּ זיין הארץ,
ס'קען יעדער קלאַפּ זיין דער לעצטער — און אויס.
ס'איז אַלץ פאַרענטפערט. אַלץ? ניין — געבליבן
איז אַן איינציקע פראַגע בלויז:

— פאַרוואָס זאָל הרגענען אַ מענטש אַ מענטש?
און די פראַגע וואַקסט און פילט אויס די נאַכט,
די לעצטע פראַגע פון ביל, דעם וואָלונטיר,
און ער האָט איבער איר זיינע אויגן פאַרמאַכט.

און אַז ער האָט די אויגן פאַרמאַכט אין דער נאַכט
און פאַרמישט זיך מיט אַלץ און מיט אומעטום,
האָט זיך באַלד דער שרייבער פון אָט אַ דעם ליד
געשטעלט ביי זיין טויטן צוקאָפּנס שטום.

און שטיל געשטאַנען ביים טויטן אַ וואַך,
אַ טויטן־וואַך דריי שטילע מינוט.
און שפּעטער די לעצטע פראַגע גענומען
פון טויטן מויל אַראָפּ — און אויף דער פראַגע איז געוועזן בלוט.

— פאַרוואָס זאָל הרגענען אַ מענטש אַ מענטש?
אַ מענטש אַ מענטש — פאַרוואָס הרגענען זאָל?
און פון אָט דער לעצטער פראַגע פון ביל
זענען געוואָרן פראַגעס אָן אַ צאָל.

און זיי האָבן גענומען ווי די פייגל שוועבן,
און זיי האָבן גענומען אַ באַשייד,
און זיי האָבן די ערד און די הימלען פאַרפילט
און זיך דערשלאָגן צו גאָטס הייליקייט.

און נאָך האָט גערופן ביל, דעם וואָלונטיר,
און פאַר אים פאַרענטפערט די פראַגע, דעם סוד.
און דער ענטפער איז ווידער געבליבן אַ סוד
צווישן טויטן ביל און לעבעדיקן גאָט.

נאָר ניין — מיר וועלן עס נישט דערלאָזן,
דאָסמאָל וועט עס נישט אָפּגיין גלאַט,
מיר וועלן דעם ענטפער אַרויסקריגן שוין
פון ביל, דעם טויטן סאָלדאַט,

און מיר וועלן אים איבערענטפערן באַלד
צו אַלע — דעם סוד, וואָס מיר וועלן האָבן געהערט,
און מיר וועלן נעמען אין אונזערע הענט
די גורלות פון אונזער פּלאַנעט, אונזער ערד.

און מיר וועלן שיקן אַ דאַנק־בריוו צו ביל,
וואָס מיר וועלן שרייבן אויף אַ ווייסער פאָן,
און מיט וועלן אים חתמענען אָט אַזוי:
אַלע מענטשן — צוויי טויזנט מיליאָן.



# ביטערער קדיש

זייערע לעבנס — לעצטע קרעכצן אין ווינט,
זייערע נעמען — אזוי פארגעסן און אזוי אָפּגעווישט,
ווי נעכטיקע שריפט אויף אַ וואסער־שפּיגל
מיט אַלע אייביקייטן אויסגעמישט.

מיט זייערע יאָרצייטן איז אָנגעשטאָכן פול
פּוילן, אוקראַינע, רוסלאַנד — ווי מיט סטערנעס אַן אָסיענדיק פעלד,
ליגט שטעכעדיק אַנטקעגן הימל אין וואַרט
מען זאָל עס פאַראַקערן אין אַ נייער וועלט.

זייער געשיכטע, פאַרשריבן מיט בלוט, שיילט זיך אויף תפיסה־ווענט,
אָדער וואַלגערט זיך ערגעץ אין מיסט, אין אַ גרינער, פאַרשטאָפּטער פלאַש,
זייער לעבן איז געווען ווי פלעווע, וואָס פליט אַרום אין ווינט,
און זייער טויט איז — פליענדיק אַש.

קיין שמש וועט נישט קלאַפּן אין אַ שול אַריין
צו אַ יאָרצייט נאָך זיי. ווייל דער שמש איז אַש און זיין שול איז פאַרברענט.
אויך קיין גלאָק וועט נישט קלינגען נאָך זייערע געשמדטע,
ס'ליגט דער גלאָק אויף דער ערד אין צעשרפּעטע ווענט.

זייערע ברידער־שוועסטער, טאַטע־מאַמעס, טעכטער־זין
פּרעסן און פּופן אין אַלע זיבן אַמעריקעס, געזונטע ווי פערד,
זיי וועלן זיך מערן און פּרוכפּערן לויט גאָטס געבאָט
און אָנפילן ווידער די גאַנצע ערד.

און ווער קען דען האָבן אַ טענה צו זיי, צו די לייבלעכע קרובים
פון דעם יידישן שטויב און אש — פון ערגעץ פון אייראָפּע אזש?
שאָף זענען זיי און זייערע פּאַסטוכער שטאָפּן
אין איינעם פּאַרט כבוד און געלט אין טאַש.

און אפילו צו די פּאַסטוכער — ווער קען האָבן אַ טענה?
עפּעס האָבן זיי געוואָלט — נאָר טון נישט געקענט — — — —

ווייל אויב טון, איז געווען נאָר איין זאַך צו טון:
אריין צום ערשטן בעסטן פּרעמיער, קעניג, פּרעזידענט

און אזוי א קלאַפּ טון אין זיין גלאַנציקן טיש,
אז דער טינט פון זיין טינטער זאָל טון א שפּריץ
און באַפאַרבן זיין פּנים אויף טייוולס־שוואַרץ,
אַזש די ציינער זיינע זאָלן ווייס טון א בליץ — —

און דער סוף וואָלט געווען? ס'וואָלט קיין סוף נישט געווען,
מ'וואָלט דעם נאַרישן פּאַסטוך באַלד אַרעסטירט,
און ער וואָלט זיך געבעטן רחמים: לאָזט מיך אָפּ,
א היסטערישער דיכטער האָט מיך פאַרפירט — —

איך בין נישט שולדיק, כ'בין א לאַם, כ'בין א לעמעלע,
און וועל שוין מערער קיין פּאַסטוך נישט זיין.
נאָר ס'וואָלט נישט געהאָלפן — מען וואָלט אים אָפּגעפירט סיי־ווי
אין משוגעים־הויז אריין.

און אַלץ וואָלט געבליבן ביים אייז־קאַלטן און אור־אַלטן,
די טויטע — טויט, די טויבע — טויב, די פערדישע — פערד,
די בלינדע — בלינד. און דאָס אַש וואָלט ווייטער געפלויגן אין ווינט
און זיך לאַנגזאַם געלייגט צום שטויב פון דער ערד.



## ערב-סוף פון צווייטער מלחמה — דער וועלטן-מלחמה — —

שוין שווידערט אין מיין פון צער צעמארשט געביין די צייט, וואס איז נישט ווייט,
ווען מיר וועלן שטיין, מיר אלע עמיגראנטישע יידן, וואס זענען פון אלטע היימען אוועק,
און וועלן מיט שטעקנעס אין די הענט, מיט בלייער און פאפיר, ציילן שוועסטער און ברידער,
[לעבעדיקע און טויטע,
פון איקראינע און פוילן, רומעניע, ליטע, אונגארן און דייטשלאנד — אט אזוי ווי מען ציילט
[שעפעלעך נאך א שטורעם, נאך א ווינטער — זעק.

און גלייכגילטיק וועלן מיר זיין — אזוי צו די טויטע־טויטע און אזוי צו די לעבעדיקע־טויטע
און מיר וועלן שווייגן און זיי וועלן שווייגן, אלעמענס מיילער און הערצער וועלן זיין שטום,
[ווי מיט האלץ־פראפנס פארקלעמט,
און איבער אונז, און איבער זיי, און איבער דער גאנצער וועלט וועט דעמאלט הענגען,
עפעס א קאסמישער טומאן, עפעס אזוינס, וואס איז נישט לעבן און נישט טויט — נאר עפעס,
[וואס איז פרעמד, שרעקלעך פרעמד.

יא, דאס וועט נישט זיין קיין ווידערגעפינען, קיין ווידערזען, קיין נייגעבוירן־ווערן,
דאס וועט זיין א ציילן, לאנגווייליק ציילן פון טויטע, גרויע, נאמענלאזע זעק, און לעבן געבלי־
[בענע שאף.
דאס וועט זיין עפעס א זייטיקע שעה, נישט קיין אנהויב און נישט קיין סוף,
א שעה אן א נאמען, וואס פארגייט אנדערש ווי אלע שעהן, שטייט אויסערן גדר פון גוטס און
[שלעכטס, פארברעכן און שטראף.

דאס וועט זיין א שעה, וואס קיינער וועט מער נישט וועלן געדענקען און דערמאנען,
א שעה פון גאטס אויסטערלישער וועלט־אויפפירונגס — אומפארשטענדלעך־אויסטערלישער
[רעזולטאט;
נאך דער שעה וועלן מיר באלד אוועק אויפן בית־הקברות פון אונזער זכרון — די טויטע צו
[באגראבן טיף־טייער אין דער ערד,
דארט וועלן זיי ליגן שטיל שוין אויף אייביק באזארגט און באשטאט.
די לעבעדיקע וועלן זיך באלד צוריק ארייגדרייען און ארייננשפאנען אין לעבנס־קרייז.
פלוצלינג וועלן אלע אין הימל א שארף דערהערן — די וואס טראכטן נישט וועלן עס אויפ־
[נעמען גלאט,
נאר די, וואס טראכטן וועלן וויסן, אז אין אט דער רגע האט גאט איבערגעקערט, און ווי אלע־
[מאל פארגעסן, א בלוטיק יידיש געשיכטע־בלאט.

## אכטער מאי, פערצנטער אויגוסט — ניינצן־פינף־און־פערציק

די מלחמה איז געענדיקט — שלום אויסגעבראָכן אויף דער וועלט.
די זון־פאַרפוצטע הימלען שטייען העל אין זייער שענסטן בלאַסקען.
די שכנים שרייען דורך די פענצטער זיך אריבער.
די ראַדיאָס פול מיט רעדעס ביז צום פּלאַצן אויף די העכסטע טענער טראָסקען.

געענדיקט די מלחמה, שלום אויסגעבראָכן אויף דער וועלט,
עס רעדן צו די פעלקער זייערע פּרעזידענטן און פּרעמיערן.
בישאָפן פּרעדיקן, רבנים פאַלן אויך אריין אין כאַר;
זאָלסט אפילו פענקען — מענטש — פריילעך, פריילעך מוזטו ווערן.

קריג געענדיקט. שלום־אויסברוך אין אייראָפּע און יאַפּאַניע,
איין זיג־טאָג פונעם צווייטן — גערוקט נישט מער ווי דריי חדשים.
אויס מעשים בלוטיקע. איבערנאַכט האָט זיך די גאַנצע וועלט פאַרוואַנדלט
אין אַ וואָרט אַ ליכטיקס, אַן אומענדלעך ליכטיק־לאַנגער דרשה.

סוף־מלחמה, שלום ביז אין אַלע ווייטסטע ווינקלען וועלט.
די גוים און די גויעס זינגען שאַרף מיט קולי־קולות,
די שקצים און די שיקסעס טאַנצן, און די יידעלעך — אינמיטן —
פּלעסקען צו מיט חסידיש ברען: אַז וואויל איז און אַז וואויל איז — —

געענדיקט די מלחמה? — קברים גיבן זיך אַן עפן, ערדן פּראַלן זייערע טויערן אויף,
און עס גיבן זיך אַ לאָז איבער יבשות, איבער ימען,
קולות — — וואָס מען לאָזט אין ראַדיאָ קיינמאָל נישט אריין, קולות יענע־וועלטיקע;
און זיי צישען ווי די שלאַנגען: ניט אונז אייער פרייד — מיר ווילן זי פאַרסמען.

הערט אויף צו שפּרינגען, גוים ווי די ביקעס, יידן ווי די ווילדע קאָזעס,
הערט אויף צו בלעקערצן, איר ווילדע נאַרן,
בעסער לייגט אייך אין די רינשטאָקן אריין און שמירט אייך אויס מיט טרויער,
איידער טאַנצן שדים־טאַנץ אויף די טראָטואַרן.

האָפּקע נישט, דו יידל נאַרישער, וואָס פּאַכעסט מיט דיין פּידל,
יעדע האָפּקע, יעדער בלעקער איז אַ העסלעך לעסטערן,
רייס בעסער קריעה די מלבושים, רייס איין דאָס קלייד, דאָס העמד און אויך די הויט,
און זעץ דיך שבעה זיבניעריקע נאָך זעקס מיליאָנען ברידער־שוועסטערן.

און דו, דו גויטשיק תמעוואַטער, הער אויף צו פּאַטשן מיט דער פלאַשקע.
קוק אין הימל אין יאַפּאַנישן, זע די שוואַרצע, מייַלן־ברייטע־הויכע רויכן, הימל־שוואַמען,
זע — זיי וואַקסן אויף דיין קאָפּ, אויף דיין נשמה, וואַקסן גיך און גיכער,
אַ וועלטן־פעלד פון שוואַמען רויכיקע פון אויפגעריסענע אַטאָמען.

דו האָסט אַליין דיך אויפגעריסן און ביזט אפשר טויט שוין — וועלט,
אַש איז דער סוף פון דיינע קין־עשודיקע מאַכט־געיעגן.
דו האָסט מיט בלוט געדענגט, מיט דעם האַרץ־בלוט פון די בעסטע דיינע זינס מיליאָנען,
און די שוואַמען דאָרטן אויבן? זענען טאַקע שוואַמען — ווערט אַזאַ מין רעגן — — — —

ווער האָט דיר איינגערעדט, אַז ס'איז אַ סוף צו דער מלחמה — יידל?
גיב אַ קוק אויף קלייד אויף דיינס, יום־טובדיקן, זע די געלע לאַטעס — —
פאַרהענג די שפּיגלען אין דיין הויז, דיין יום־טובדיקן, דו ביזט אַן אבל —
און די שאַרפע פּיסקעס פון די ראַדיאָס — פאַרהענג מיט נאַסע שמאַטעס.

וואָס דאַרפסטו יידל אָט די פאַלשקייטן די פּוסטע,
וואָס דאַרפסטו זיך אַליין אין הימל־זעצן, אין פּיסקל קושן, אין פּנים לויבן?
קוק דעם אמת בעסער גלייך אין פּרצוף אין סקעלעטישן,
נישט געענדיקט האָט זיך די מלחמה, די מלחמה פון מלחמות האָט זיך אָנגעהויבן.

גויטשיק — ווער אַ מענטש, יידל — ווער אַ ייד.
וואָס האָסטו פון די בלעקערצן מיט די נאַראָנים?
מיט ליבע זאָג איך דיר, אַז דאָך: הינטער דער מאַלפּע־מאַסקע דיינער
איז דאָ אַ צלם אלהים, אַ געטלעך־מענטשלעך, געטלעך־יידיש פּנים.

דערזע דיך מענטש — דערזע דיך ייד.
הויב אויף אין טאָג פון זיג אַ שוואַרצן כוס, פול ווי אַן אויג מיט טרויער.
טרינק אים אויף גליק פון דער מלחמה פון מלחמות, מלחמה פון מלחמות.
היינט איז זי דערקלערט געוואָרן, זי גייט שוין אָן, ווער ווייסט ווי לאַנג איר דויער — —



## צוועלף שורות וועגן סנה

איז וואָזשע וועט זיין דער סוף מיט אונזביידן — גאָט?
וועסטו מיך טאַקע לאָזן שטאַרבן אָט אַזוי
און טאַקע מיר נישט אויסזאָגן דעם גרויסן סוד?

מוז איך טאַקע ווערן פריער שטויב, וואָס איז גרוי, אַש, וואָס איז שוואַרץ?
און דער גרויסער סוד, וואָס איז נענטער ווי מיין העמד, ווי מיין הויט,
וועט אַלץ בלייבן סוד, כאָטש ר'איז טיפער אין מיר ווי דאָס סאַמע האַרץ?

האָב איך טאַקע אומזיסט אין די טעג געהאָפּט, אין די נעכט געוואַרט?
און דו וועסט ביז דער לעצטער רגע בלייבן געטלעך־גרויזאַם און האַרט?
דיין פּנים טויב ווי שטומער שטיין, ווי קיזל־שטיין בלינד־איינגעשפּאַרט?

נישט אומזיסט איז איינער פון די טויזנט נעמען דיינע — דאָרן, דאָרן דו פון מיין גייסט און [פלייש און ביין,
שטעכנדיק — נישט אויסצורייסן, ברענענדיק — נישט אויסצולעשן,
אַ רגע נישט פאַרגעסן — אַן אייביקייט נישט צו פאַרשטיין.

## און ווער ביסטו — —

דאָס איז געווען אין אַ פינצטערן דעצעמבער־טאָג,
אַ שניי אָן אויפהער ווייסע פעדים שטריקט צווישן הימל און דער ערד
דער טאַטע זיצט און רעכנט עפּעס, און איך — אַכט יאָר איז מיר,
ביים פענצטער שטיי איך, קוק צום שניי און האָב מיך עפּעס טיף פאַרקלערט.

און פּלוצלינג גיי איך צו דעם טאַטן צו און פרעג אים שטיל:
— טאַטע, ווער איז גאָט? — — דער טאַטע הויבט די אויגן אויף און טוט אַ קלער,
באַנעמט נישט וואָס איך וויל. ענטפער איך אליין: — טאַטע, גאָט ביך איך — —
דער טאַטע גיט אַ ציטער: — אָבער ווער ביסטו? אַ נאַריש יינגל און נישט מער.

און יאָרן זענען שוין פון יענעם הימל־אויף־דער־ערד דעצעמבער־טאָג אוועק אַ סך,
מיין טאַטנס הייסע, שוואַרצע אויגן זענען לאַנג שוין גרודקעס פּרוכנע אין דער ערד,
און אויף דעם פּנים מיינעם שאָטנט שוין די לעצטע נאַכט — און דאָ אַנומלט
אין אַ הימל־אויף־דער־ערד דעצעמבער־טאָג האָב איך ביי אַ פענצטער מיך פאַרקלערט,

און געפרעגט זיך: — ווער איז גאָט? און געענטפערט: — גאָט איז איך — גאָט איז אין,
און דערשראָקן זיך פאַר זיך, פון פענצטער אָפּגעקערט, אַרומגעקוקט נאָך הילף אויף גיך —
און אַלע מיינע ביכער האָבן מיט די קעפּ אויף יאָ געשאָקלט: — זיכער — זיכער —
נישטאָ קיין גאָט חוץ דעם, וואָס איז אין דיר, און ס'איז גאָטס ערשטער נאָמען: איך —

ווי לאַנג געדויערט אַ דעצעמבער־טאָג, זעקס שעה — און אויס. איך האָב קיין ליכט
נישט אָנגעצונדן נישט צו שטערן די שעה פון דער דערגרייכונג און פון רו.
און אין דער פינצטער זע איך ווי עס שאָקלען נאָך די קעפּ זיך פון די ביכער: — זיכער
גאָט איז איך, איך איז גאָט, דו ביזט גאָט, גאָט ביזט דו.

די זאַך איז לאַנג באַשלאָסן און געחתמעט קלאָר,
און בלייבן בלייבט איין איינציקע פראַגע נאָר,
פון פאַר פערציק און פאַר פערציק טויזנט יאָר:
ווער ביסטו?

פון אַ שכנס הויז פון ערגעץ אַ ליכטשטראַל קרום,
אויף די ביכער מיינע טאַנצט אַ שדל אום,
קלאַפּט זיי אין די הויכע, לאַנגע שטערנס — און זיי שוייגן שולדיק, שטום:
— ווער ביסטו? און ווער ביסטו?

## דאָס גרויסע זוכן —

גאָט איז
דאָס גרויסע זוכן, דאָס גרויסע אים געפינען ווען,
דאָס בלוט וואָס פליסט פון דער וואונד פון אייביק בענקען
נאָך טיפע, פארבאָרגענע, היילנדיקע, הייליקע שוועלן
פון קיינעם נישט באטרעטן — און אויב עמיץ האָט באטרעטן
האָט ער באלד פארלוירן דאָס געדענקען;
ער איז דער דורשט און דער הונגער,
ער איז אין אויסגעשטרעקטע העלזער, אין לעכצנדיקע צינגער,
די וואָס האָבן אים געפונען, געגעסן, געטרונקען,
האָבן אים אויפגעגעסן און פארלוירן —
דערפאר וועסטו מיך קיינמאָל נישט געפינען ביי טיר און טויערן
פון שילן אָדער קלויסטערס,
דאָרט עסט מען גאָט און איך בין הונגעריק און דורשטיק און זוך אים.

ער איז דאָס גרויסע אנטקעגן־רעדן, מיט אלע חושים אים זיך אנטקעגן־שטעלן,
ער איז קאַמף און קאַמף קעגן קאַמף, רעוואָלט און רעוואָלט קעגן רעוואָלט,
דערפאר וועט דיר קיינמאָל נישט פון מיינע ליפן א תפילה אנטקעגן־זינגען,
און נישט אנטקעגן לייכטן דאָס תהילימדיקע ווערטער־גאָלד,
ווייל די וואָס רעדן תהילים — רעדן צו זיך אליין,
זענען די איינזאמסטע פון די איינזאמע,
ווי די אריינגעפאַלענע אין א טיפן מדבר־ברונעם
זענען זיי,
די וואָס האָבן שוין געפונען,
פון דאָרט טראָגט זיך זייער תפילה פון צייטלעכן אליין צום אייביקן אליין,
און וואָיענדיק אזוי ווי דאָס געוויין
פון אַן אַלטער מאַמען אויף איר לעצטן קינדס לוויה.
און איך לויף אַרום אויף דער וועלט און אין מיין פלוכן
אפילו
איז דאָ מער גאָט ווי אין זייער תפילה,
ווייל אויב ער איז — איז ער נישט אין זיין, נאָר אין זוכן.
זוכן איז זאָמען — זאָמען איז ווערן,
געפינען איז א פוסטע שאָלעכץ אָן א קערן.

פון צוויי — פון א גרויסן זאַלבעצווייט
די וועלט באַשטייט —
פון ער און פון איך,
און פונקט ווי ס'איז מיין שליחות דאָס זוכן און דאָס נישט געפינען,
איז זיינס — דאָס אייביקע אנטרינען.
ווייל דאָס זוכן און דאָס נישט געפינען און ווידער, ווידער זוכן איז דאָס לעבן,
און לעבן איז זיין אייביקער און אומפאַרשטענדלעכער ווילן,
וואָס וואַנדערט אייביק איבער די מילכוועגן — —
דערפאַר וועסטו מיך קיינמאָל נישט געפינען אויף די שוועלן
נישט פון קלויסטערס און נישט פון שילן.



# תחינה וועגן גאָט - זוכן

איך האָב גאָט געזוכט,
איך — איך אַליין, דאָ און היינט,
און אַזוי מיינע אבות זינט פיר טויזנט יאָר,
עפּיץ האָט געמוזט זוכן, ווייל פאַרלוירן האָבן אַלע,
האָבן מיר געזוכט.

איז איינמאָל פאָרויס פאַר די זוכער געגאַנגען אַ מאַן מיט שטראַלן־הערנער,
און אַן אַנדערש מאָל אַ מאַן מיט אַ קרוין פון דערנער,
און אַ דריט מאָל איינער, וואָס איז קעגן ביידע ערשטע אויפגעשטאַנען,
איינעם האָבן מיר שיר אין דער מדבר פאַרשטייניקט,
און אַ צווייטן האָבן די רוימער אויפן צלם פאַרפייניקט,
און אַ דריטן האָבן מיר פאַראייגזאַמט און אַליינינקט
מיט אַ חרם אויף יאָרהונדערטער.

און דאָך איז אָט דאָס די פּראָסטע באַשיידונג פון דער רעטעניש פון פיר טויזנט יאָר,
און אויב דאָס איז נישט וואָר,
איז צוויי מאָל צוויי נישט פיר:
עפּיץ האָט געמוזט זוכן גאָט — האָבן מיר
אים געזוכט.

איך האָב געזוכט אויף מיין איינזאַמער סטעזשקע,
מיר האָבן געזוכט אויף אַלע וועלט־וועגן,
און ער האָט אויך מיך געזוכט און אונז געזוכט,
ווייל פּונקט ווי מיר אָן אים זענען נאַרנישט און נאָר,
און אַזוי ווי מיר זענען דורך אים איז ער דורך אונז,
אַזיסט — וואָס האָט ער דען די וועלט באַשאַפן?
וואָס האָט ער זיך געליינט מיט דער זון, אונזער מאַמען,
אין הייסן ליבעס־בעט,
און צען קינדער געמאַכט מיט איר און אויך אונזער ערדישן פּלאַנעט,
דעם איינציקן אין זיין מין.
עפּיץ האָט אים זוכן געמוזט, האָבן מיר געזוכט, און דאָס איז דער זין.

איך האָב געזוכט,
און זוכנדיק בין איך אין בענקשאַפט און אין צער אין מדבר אַנטלאָפן,
און אין פלאַמען אים דאָרט געטראָפן,
און די ליבע צו אים האָט מיין האַרץ דאָרט געגליט,
און אין אָט דער גליאונג האָט ער קיינן געגליט — — מיך צו שמידן,
און ער האָט מיך געקושט מיט פייער־ליפן און גערופן מיך ייד,
און מיר איינגערעדט, אַז אַלע יידן
זענען זיין קינד, זענען זיין פאָלק און טראָגן זיין נאָמען,
זייען זיין זאָמען —
זיין אייביק משונענער בטלן, געשלאָגענער למדן,
און זייען, זייען — אייביק זייען זיין נאָמען
און אייביק באַגיסן מיט די שטראָמען פון מיין בלוט — אין די טרוקענע זאַמדן
פון די גוים פון דער וועלט.

און אַז גאָט האָט געהייסן גיין און זייען — בין איך געגאַנגען,
מיט דעם ערשטן זייער, מיט דעם מאַן מיט די שטראַלן־הערנער,
און איך זיין אַקסל איז געהאָנגען אַ זאַק מיט געטליכע זאָמען־קערנער,
און ער האָט געזייעט, קודם אין מדברס הייסן זאַמד,
און אַז דאָרט איז גאָרנישט אויפגעגאַנגען — זענען מיר ווייטער געגאַנגען
און מיר גייען נאָך, און מיר זייען נאָך.

און איך זוך אים ווידער, ווייל ער איז נאָך אַלץ געבליבן גאָט און איך זיין ייד,
און באַטש איך בין שוין אַ רינג געוועזן, אין ליבעס־פייער אויסגעגליט,
אין לייד אומענדלעכן ווי מיט טויזנט האַמערס מיט טויזנט יאָרן אויסגעשמידט,
האָב איך — וואָס בין געוועזן שוין אַן אייביקער רינג — פאַרשטאַנען,
אַז כדי מיר זאָלן ווערן קייט — דריי־איינ־קייט — פעלט אַ רינג,
האָב איך — נארישער זוכער — נארישער ייד, מיך אַזוי לאַנג געפייניקט דערמיט
און געליטן דערפון,
ביז עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער רינג צווישן מענטש און גאָט דאַרף זיין גאָטס זון.

אָבער, אַז איך האָב דערזען, אַז דער זון איז נאָך קיין תשובה נישט, קיין תשובה נאָך,
האָב איך פון מיין קאָפּ אַראָפּגענומען די דערנער־קרוין די איינטאָגיקע
און אַנטלאָפן ווידער דעם אַלטן יאָך
און ווייטער געזוכט.

און געשריגן דורך די יאָרהונדערטער ווי דורך איינזאַמע, פינצטערע וועלדער,
דורך זומפּן פון בלוט געקראָכן ווי אַ זינדיקע שלאַנג אויפן בויך,
און דעם קאָפּ געהאַלטן כסדר אין דער הויך
מיט איין וואָרט: גאָט.
און ער האָט כסדר געענטפערט פון די טיפן פון וואַלד: ייד, איך זוך דיך אויך.
און פון צווישן דיביימער, מיט שטיקער צעריסענעם ווינט
זענען די ווערטער געקומען צו מיר: דו זוכסט דיין פאָטער, און איך זוך מיין קינד.

און איינמאָל אין דעם וואַלד פון די יאָרהונדערטער,
און נישט ווי עס געפינט זיין האר אַ קנעכט,
נאָר אין דער אייגענער נשמהס אינגעווייד, אָדערנס פאַרפּלאָנטערטן געפלעכט,
האָב איך אים געפונען אין זיך, און מיר האָט זיך אָצינד געדאכט,
אַז איך האָב שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס איך האָב אים נישט געפונען אין דער ווייט,
ווייל ער איז געווען אין מיין אייגענער גוף־נשמהס אינגעווייד.
מען קאָן דאָך נישט פאַרלירן דאָס נישט אַנטרונענע,
און מען קען נישט זוכן דאָס פון אייביק אָן געפונענע —
אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט געווען דער באַשייד,
און נישט דער רינג, וואָס פעלט אין דעם דריי־אייניקייט.
געשען איז עס ביים צפון־ים, די שטאָט הייסט אַמסטערדאַם,
יאָר זעכצנהונדערט, פופציק און זיבן, אננאָ דאָמיני, האָבן דעמאָלט די קריסטן געשריבן.

אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט געווען דער געפונענער נאָט,
און דעריבער בין איך, איך אַליין, דער אייביק לעצטער ייד, וואָס זיצט דאָ שרייבנדיק,
ווייטער אים זוכן געגאַנגען.

און איך זאָג דיר אויף נאמנות, ווי איך בין אַ ייד, אַז איך האָב אים געפונען.
נאָך איז ער קנויל און נאָך כאַאָס,
אָבער איך זע שוין דעם פינגער וואָס ווייזט מיר דאָס אות.

נישט האר איז נאָט און ער דאַרף נישט קיין קנעכט,
וואָס זאָלן ווי שקלאַפן טראָגן ערגעץ־וואו אַרויף
די שטיינער פון זיין געזעץ און זיין רעכט,
נישט קיין פאָטער איז ער און אויב ער איז קיין פאָטער נישט
דאַרף ער נישט קיין זין,
וואָס זאָלן טראָגן די בשורה ערד־אַהער און הימל־אַהין,
און ער איז אויך נישט קיין סובסטאַנץ מיט צוויי באַקאַנטע אַטריבוטן,
ווי משהס שטראַלן־הערנער,
אָדער די צוויי צלמים־הענט פון דעם מאַן מיט דער קרוין פון דערנער.

ער איז פשוט און נישט פילאָזאָפיש דו, דו אַליין, זיינע זענען דיינע בלוטן,
און זיינע זענען פשוט און נישט פילאָזאָפיש — דיינע געדאַנקען,
ער איז נישט איינער און ער איז נישט דריי,
ער איז נישט אומענדלעך אין צוויי באַקאַנטע און אומענדלעכע אומבאַקאַנטע אַטריבוטן,
ענדלעך איז ער — מיט דער צאָל פון מענטשן אויף דער ערד.
דאָס איז אַלץ — יעדער מענטש איז גאָט.
איך האָב געזאָגט — און אויב יעדער האָט היינט נישט דערהערט
וועט ער מאָרגן דערהערן.

נאָך אַלע טויזנט אמתן און צען טויזנט ווידערשפּרוכן,
דאָס איז דער סך הכל פון פיר־טויזנט יאָרן זוכן,
ער איז מענטש — זיין אָנהויב איז אין דיר און זיין סוף איז אין דיר.

קלינגם אין אַלע גלאָזן, זינגט אין אַלע העלזער,
הושע נא — גאָט איז געפונען געוואָרן,
מען דאַרף אים מער נישט זוכן, מען וועט אים אין ערגעץ נישט געפינען,
ער איז דאָ אין אָט די ווערטער פון דער תחינה,
און מיט אָט דעם תחינה־ליד,
ניי איך ווידער ארוים — איך אייביקער ייד
מיט א נייעם אחד,
יעדער מענטש איז די גאַנצע וועלט און די גאַנצע וועלט איז דאָך גאָט.

נאָכשריפט:
און פאַר אָט דעם לעצטן, פראָסטן אמת,
פאַר דער גאַנצער ערד, אַלע אירע לענגען און ברייטן,
האָט אויף דער גרעסטן קרייץ־וועג פון אַלע אירע צייטן,
אונזער פאָלק, דאָס פאָלק פון גאָט־זוכן, זעקס מיליאָנען הייליקע טויטן געפונען,
זעקס מיליאָנען אויסלייזערס פאַר אַלע וועלטן.
איז דאָס דיין טרייסט?
האָסטו אַן אַנדערע טרייסט?
סיידן מיט אַ שטריק אויפן האַלז אַרומלויפן און מיט בלוטיקע ליפּן שעלטן, שעלטן.



## אויף דער זון-פּיראַמידע אין טעאָטיהואַקאַן

נישט ווייט פון מעקסיקאָ־סיטי זענען פאַראַנען מעכטיקע פּי־ראַמידן, איינע צו דער זון, אַן אויפגעגראָבענע, אָפּגערייניקטע, די צווייטע צו דער לבנה, אַ פאַרשאָטענע נאָך מיט דעם שטויב פון יאָרטויזנטער. חוץ די פּיראַמידן זענען אַרום דעם גאַנצן פּלאַץ, וואָס רופט זיך טעאָטיהואַקאַן, פאַראַנען אַלערליי דענקמעלער און אָפּ־געטער פון דער פאַר־דרייטויזנטיעריקער מאַיאַ־ציוויליזאַציע.

צווישן מילדע, ווייטע טאָלן, ווילדע, שאַרפע בערג,
אינמיטן פון אַ פוסטן און אַ פלאַכן פעלד,
שטייט אין אַ קוואַדראַטיש־פּיראַמידישן מאַסיוו
אַ דענקמאָל פון אַן אַנדער וועלט.

נאָר ס׳האָט די וועלט, די אַנדערע, אונז נישט
אין וואָרט געלאָזן אַ צוואה־בריוו.
זי האָט פון קומענדיקע דורות נישט געטראַכט.
און מיט זיין איינ׳נער אייביקייט באַוואָפנט געבליבן איז דער שטיין־מאַסיוו.

און שטייט נאָך אַלץ איז מעכיקאָ, דעם לאַנד פון געץ און גאָט,
נישט ווייט פון הויפּטשטאָט זיינער, דער שכנטע פון אַ וואולקאַן,
געוועזן אויף דעם אָרט זענען דאָ שטעט אַ סך
און דער נאָמען פון דער לעצטער, דער אַצטעקישער, געוועזן איז טענאָטשטיטלאַן.

און פּונקט ווי די טעראַסן פון דער פּיראַמידע דאָ, איינס אויף איינס,
האָט די שטעט אויך, איינס אויף איינס, געבויט דער מאַיאַ, טאָלטעק און אַצטעק,
העכער און נאָך העכער — ביז, ווי דער פּיראַמידעס לעצטער טרעפּ,
די לעצטע שטאָט איז ערגעץ אין דער לופט אַרויף, אַוועק.

און אויף די טרעפּ,
איך,
טרעפּ־אַרויף,
טרעפּ אַראָפּ,

טרעט אראָפּ, ארויף און טראַכט:
פון די מוראשקעס, די רירעוודיקע, מאַיאַס, טאָלטעקס און אצטעקן,
וואָס געלאָפן זענען דאָ אַמאָל און געטראָגן צו דעם גאָט פון ווינט געזאַנג און אויך געוויין,
געלאָפן און געפאַלן און אין טויט זיך הייס געטוליעט
צו די שאַרפע שפּיצן פון אָט דעם געשטיין.

דאָ פלעגט געצן־דינער מענטש טראָגן קרבן־מענטש צו זון ארויף, צו דער פּיראַמידעס שפּיץ,
און נעוועזן זיכער, אַז ער טראָגט אים ביז דער זון אליין ארויף.
דאָ פלעגט ער אויפשניידן פאַר גאָט דעם קרבנס בויך און ארויספליקן זיין האַרץ,
ווי מען פליקט ארויס געדערים פון אַ פריש־געקוילעט עוף.

מיט דיקע פלאַסטן שטויב באַדעקט איז דאָס געטרעפּ פון די טעראַסן היינט,
און כ'קרושלען זיך די שלאַנגען־קעפּ פון שטיין און מיט זיי די טויזנט טרעפּ — — —
און ווי לאַנג איז דען, אַז געפּאַרבטע פעדערן האָבן דאָ געפלאַטערט העל
אין שווארצע מאַיאַ־ און אַצטעקן־האָר, און געבלישטשעט האָבן אויגן־פונקען אין די קעפּ.

דער זון, דער קעניגין פון טאָג, דער לבנה — קעניגין פון נאַכט,
דער לופט — דער קעניגין פון לעבן, דעם קעניג פון דער צייט — דעם ווינט,
האָבן די טעראַסן פון דעם פּיראַמידע־באַרג, די פיר
געדינט.

און איצטער דינען אַלע פיר טעראַסן מיר אויף רוען, זיצן, טראַכטן, העכער־שטייגן;
ווינט יאָמערט דאָ נאָך אַלץ און טראָגט אַוועק דם פוסטן קלאַנג
פון מיינע טריט — — — — — — און פלוצלינג ווערט מיר קלאָר ווי אַלע זונען מיט אַמאָל
געוואַלטיקער, אומהיימלעכער צוזאַמענהאַנג.

און כאָטש ס'איז טאָג, אַ וויזיע זע איך, אַ טעפּיך פון מענטשן אויף דער פּיראַמידע שטייגט.
הונדערט־טויזנט פאַר ברען־שווארצע אויגן און אַזויפיל גליענדיקע הענט,
דער טעפּיך שטייגט, אַ משוגעת־כוואַליע שטופּט אים העכער אַלץ ארויף,
ער דראַפּעט זיך, ער קלעטערט, כאָטש די טרעפּ זענען אָפּטמאָל ווערטיקאַל ווי ווענט.

און אין מיין וויזיע זע איך, אַז געזעסן אין די הימלען זענען דעמאָלט אויך
דער גאָט פון זון, פון דער לבנה, פון דער לופט און ווינט
און גלייכגילטיק געקוקט אויף מאַיאַס און אצטעקן — פונקט
ווי גלייכגילטיק עס קוקט אונזער גאָט, דער איינציקער אויף אונז אַצינד.

און כ'טראַכט און טרעט און טראַכט און כ'האָב פאַרמאַכט
די אויגן מיט דער האַנט — צונויפגענעמען דעם געדאַנק —
און ווידער אויפגעעפנט — — און פונקט אַנטקעגן זיך דערזען
אַ מוראדיקן קאָפּ פון אַ שטיינערנער, פון פעלז ארויסגעהאַקטער שלאַנג.

פון די קיילעכדיקע אויגן אירע האָט לאַנג שוין, לאַנג די זון
די רויטע פאַרב ארויסגעגעסן און ארויסגעוועפט די שאַרפע שרעק,

און איבער אירע רויטע, גרויסע צײנער שטײנערנע האָט דער צאָן פון צייט
גענריזעט — און ס'איז לאַנג שוין זייער מוראדיקע שאַרף אוועק.

און
אַט
בין איך
שוין דאָ:
אויפן סאַמע שפּיץ פון פּיראַמידע־באַרג.
פּונקט דאָ, וואו כ'שטיי אצינד, פלעגן די אינדיאַנער שטיין, רויט און הייס, קאָפּ ביי קאָפּ,
איינהערן זיך אויסגעשפּיצט און שאַרף ווי מיטן ווינט גייט אויף געשריי פון קרבן־מענטש,
און פון קרבן־שטיין פון דעם מזבח רינט זיין בלוט טראָפּ־טראָפּ צו דער נידער אָפּ.

און דאָ וואו לעצטער שריי פלעגט גיין אַרויף, לעצטער טראָפּן בלוט אַראָפּ, שטיי איך,
נעבן מיר אַ יענקי פון ניו־יאָרק מיט אויגן נייגעריקע פון אַ קלאַסישן טוריסט,
און ביידע פאָרשן מיר און זעען אויפן אָרט פון דער אַצטעקישער עקידה
אַביסל שטרוי, געיאָגט פון ווינט, אַביסל מיסט.
דער יענקי טראַכט נישט גאָרנישט —
ער גייט —
אַראָפּ —
צוריק —
און איך הויב אויף צוויי אויגן יידישע פול מיט טענה צו דער זון, און העכער נאָך — צו גאָט:
זון שמייכלט געטלעך און דורך איר געטלעכן שליח ווינט זאָגט זי גראָב און פּראָסט:
— באַטראַכט עס גוט דאָס בערגל מיסט. ווייל אין טויזנט יאָר וועט אויך אַ יענקי
און אַ גילגול פון דיין אייגן איך קוקן אויף אַ בערגל מיסט און שטרוי אין ווינט
וואָס האָט
פון דיר
און פון דיין צייט
און פון דיין גאָט
זיך אויסגעלאָזט.
אַזוי האָט שמייכלענדיק די זון גערעדט אויף מענטשלעך לשון פּשוט, גראָב און פּראָסט.
און איך האָב איר געענטפערט זוניק־שמייכלענדיק פאַרטראַכט,
און צער פון אַלע מענטשן־דורות אין מיין שמייכל האָט געשיינט:
— נישט פאַר מאָרגנס טויזנט־פאַכע, געטער מאָרגנדיקע,
ווערן די קרבנות ווייליקע אייביק זיי געבראַכט,
די מענטשן־הערצער — נייערט פאַר דעם איינציק־אייביקן גאָט פון היינט.



# אַ ליד װעגן שטערן, װעגן גאָטס פּנים זען און זיין שטים דערהערן — —
(פאַר ר. א.)

װער האָט עס געזאָגט, אַז מען קען גאָטס פּנים קיינמאָל נישט דערזען?
און װער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז מען קען זיין קול נישט הערן?
סיידן דער, װאָס קיינמאָל האָט נישט איינגעטיפּט זיך, אויג־און־אויער, אין די שטערן.

װאָלט ער איינמאָל נאָר אַ בליק־און־הער געטון מיט זיין נשמה
כאָטש דאָס אויג פון הימל, דעם צפון־שטערן; פון מיליאָסן איינציק־אומבאַװעגלעכן און שטאַרן,
און אין קרייזן פון זיין אייגן בלוט געפילט דאָס קרייזן פון דעם רינג פון דעם פּאָלאַרן,

װאָלט ער געװאוסט, אַז גאָט איז סובסטאַנץ — און סובסטאַנץ זיך אַליין מוז דערזען און
[דערהערן,
אין אַלע אירע מאָדוסן, װייל מהות פון מאָדוס איז אייביק בייטן זיך, אייביק שטראָמען —
און די שטערן־קװינטיליאָנען זענען גאָטס גוף — זיין גופס אָטאָמען.

גאָט רעדט ביינאַכט — מיט בילדער רעדט ער צו זיינע, נאָך אים פאַרבענקטע מענטשן־קינדער;
בלעטערט די מזלות־בלעטער צװעלף פון זיין הימל־בוך. אָט איז דער לייב, שימערט זיין גריװע
מיט שטערן. אָט איז טאַורוס, הימל־אָקס מיט װילדן אויג און הערנער, זעט קינדער נאַיװע.

און אָט איז אָריאָן, דער יעגער־העלד מיט די דריי בריליאַנטן אין דעם גאַרטל
פון זיין שמאָלער טאַליע. זיין בויגן איז געשפּאַנט, פייל־און־בויגן איז נאָך אַלץ דעם הימלס
[װאָפן,
זיינע יאַג־הינט לויפן אים נאָך: פּראָקיאָן און סיריוס, דער ליכטיקסטער פון הימלס צפון.

װער האָט געזאָגט, אַז גאָט באַהאַלט זיין פּנים? װער — אַז ער איז פול מיט סודות?
גאָט איז דאָך אַנטפּלעקונג — נישט סוד. צעעפענונג, אַנטהילונג, אויפהעלונג, אװדאי, אװדאי —
זע װי זיין סוד טאַנצט דיר נאַקעט אַנטקעגן אין דער קלענסטער שטערן־פּלעיאַדע.

זיינע װערטער — פּראָסט, זיין לשון — קלאָר, נישט קיין היעראָגליפן אומפאַרשטענדלעכע;
ער רעדט מיט פּשוטע, געאָמעטרישע און קלאָרע אור־פיגורן.
— קוק אין מיינע אויגן — בעט ער זיך. הער, הערסטו נישט די רעדער פון מיינע װעגן פאָרן?

אַט איז דער פּעגאַזוס־קוואַדראַט, אַ בלינדער אפילו וואָלט דערזען אים, אַ בלינדער — נאָך
[ניכער.
אַט זע דעם צערטלעך־שטילן טריאַנגגולום אין דער לאַנגער אַנדראָמעדע, ווי אַ שליטן,
דרייעק פון מאזנים־מזל, קרייז פון דער קאַראַנאַ, פּירעק אין דראַקאָ, שפּיץ־פייל פון סאַגיטען.

מענטש, מאַך די אויגן אויף און זע די קליינע וועלט, אויב קענסט די גרויסע נישט דערזען,
אַט איז די קליינע זון־משפּחה, דיין משפּחה, קליינער הימל־כאָר — פאַר דיר זיין זינגען.
שמילער מערקור, העלע וועגוס, ברודער מאַרס, יופּיטער מיט די לבנות, סאַטורן מיט די רינגען.

און אַז גאָט האָט זיך שוין אָנגערעדט צו דיר און האָסט אים אַלץ נאָך נישט פאַרשטאַנען,
אויף דעם לשון פון די שטערן, און אפילו נישט אויף דעם פּלאַנעטן־לשון זוניק־קלאָרן,
הויבט ער אָן צו ווינקען שטאַרקער — מענטש, צו דיר — מיט די פאָל־בליצן פון מעטעאָרן.

ווייל גאָט איז איינזאַם אויך, איינזאַם אין זיין סוד , ער וויל פאַרשטאַנען און דערזען ווערן,
ער איז דיין גרויסער ברודער־שטערן — יוסף — שיר־דערהרגעטער, אייביק־נישט־דערקענטער.
דערזע אים ראובן, שמעון, לוי — דערקען אים ווידער, קום נאָענט, מענטש, נענטער. נאָך
[נענטער.

זותר האָט עס געזאָגט, אַז מען קען גאָטס פּנים קיינמאָל נישט דערזען?
אוועק מיט זיי, די פאַלשע נביאים, אַפּנאַרער זענען זיי — מיר דאַרפן פילאָזאָפן! —
אָט איז דאָס אויג פון גאָט, אויג אין אויג מיט אונזער אויג; פּאָלאַריס — דער שטערן פון צפון.

**אויפקלערונג פון מחבר צו זיין אייגן ליד:**

כאָטש עס איז נישט קיין מנהג, אַז מחברים זאָלן שרייבן אַ פּירוש צו זייערע אייגענע לידער, נו מילא. דאָס ליד וויל ברענגען צום אויסדרוק דעם געדאַנק, אַז דער וואָס פאַרטיפט זיך אביסל אין די שטערן — דערזעט דייטלעך גאָט. נישט אַ גאָט פון איין קירך, אָדער איין פאָלק — נאָר גאָט. נישט אומזיסט האָבן די אורמענטשן געזוכט גאָט אין הימל — דאָרט איז ער דאָ. און נאָר דורך באַהעפטונג מיט דעם אומענדלעכן חלל קען דער מענטש דערהויבן ווערן, בעסער ווערן. די אומענדלעכקייט פון דער צייט, איןביידע זייטן אירע, איז אים שווער צו באַנעמען, אָבער די אומענדלעכקייט פון חלל קען מען זען מיט דעם סאַמע פיזישן אויג — אויג־אין־אויג מיט גאָט. — אין דעם ליד זענען גענוצט געוואָרן עטלעכע פון די אכט און אכציק באַוואוסטע נעמען פון די קאָנסטעלאַציעס. דאָס זענען פּאָעטישע פאַרצירונגען, אַ ליד מוז זיין קלינגעוודיק און בילדעריש. אַזוי ווי דער מחבר פון דעם ליד געפינט זיך אין צפון פון דער ערד — האָט ער גענוצט נעמען פון צפון־קאָנסטעלאַציעס מיט דעם צפון־שטערן — פון „קליינעם וואָגן" — אין צענטער פון שטערן־קרייזן. זאָלן מיר דעריבער די לעזער פון דעם ליד אין דרום פון אונזער פּלאַנעט מוחל זיין. אפשר האָב איך דערמיט באַליידיקט זייער הימל־לישן לאָקאַל־פּאַטריאָטיזם... און דער עיקר: לעזט דאָס ליד, איינמאָל און נאָך אַמאָל. עס איז גוט פאַרן געמיט פון שרייבער געוועזן, וועט עס אפשר גוט זיין פאַרן געמיט פון לעזער אויך. אין הימלישער דערהויבונג איז ערדישע שטאַרקונג. דאָס ליד איז גוט פאַר יידן און שלעכט פאַר די שונאים פון דער מענטשהייט. מיר גייען אַנטקעגן אַ דור, וואָס וועט גאָטס פּנים דערזען — און דאָס רייזיקע ליד, ווי אַלעמאָל לידער, לויפט אַ שריט פאָרויס.

# נאַקעטע תפילה אויף אַ נביא

אַ גאָט פון אברהם, דעם ערשטן לעסטערער, וואָס האָט זיין טאַטנס געטשן,
געבראָכן מיט אַ פאַלקע און געטרעטן מיט די טרעפּטשעס הילצערנע פון זיינע פיס,
און גאָט פון יצחקן, אברהמס נישט דערקווילעט לעמל, טאַטע פון עשו און יעקב,
און גאָט פון יעקבן אַליין, דעם טאַטן פון צוועלף צעקריגטע בנים, וואָס איז

מיט אַ מלאך אין אַ נאַכט־געשלעג געגאַנגען — פאַר גאָט און פאַר מענטשן,
און גאָט פון יוסף הצדיק, פּרעהס שני למלך, ישראלס ערשטע געטריי קינד,
גאָט פון משה בן עמרם, וואָס אַפילו דאָס וואַסער פון נילוס האָט אים נישט
דערטרענקען געקענט, ווייל קינדווייז האָט אין אים געברענט שוין שאַרפער מדבר־ווינט.

ווי אַ ביק דאָס רויטס — מיט הערנער האָט דאָס אומרעכט ער געשטויסן, הערנער פון ליכט.
מענטשן געהרגעט, אין מדבר אַנטלאָפן, און אַזוי געבענקט נאָך גאָט אַליין, ביז ער האָט אים
[אין אַ פלאַם
זיך געגעבן צו דערקענען. און שפּעטער האָט ער מיט כישוף־שטעקנס, שקלאַפן־בייטשן,
גאָטס פאָלק צו פרייהייט געטריבן דורך נאַכט, מכות, דערטראָנקענע רייטוועגן אין ים.

אַ גאָט פון דריי ווילדע מלכים, שאול בן קיש, דוד בן ישי, שלמה בן בת שבע,
מיט הערצער פול מיט תאווה און געוויסן, ווי נעסטן פון אָדלערן, שטיין־שפּאַלטן מיט שלענג,
מענער מיט קעפּ צעשויבערטע, מוחות פול מיט גלייבער חכמה, נשמות מיט קרומע געמיטער,
רויטע ליפּצן, וואָס בליצן אין שוואַרצע בערד ביז דער ערד — פול מיט ליבעס־און גאָט־געזענג.

גאָט פון די נביאים ישעיה, ירמיה, עמוס — און ווי זיי אַלע הייסן דאָרט,
די ווערטער־העקער, וואָס האָבן ווערטער ווי פלעקער געהאַקט מיט שווערע העק
אין דער ערד פון דער אייביקייט אריין. ס׳גייט נאָך היינט דער אָפּהילך פון די שלעס
אין דער וועלט אַרום, ווי ס׳בת־קול אין אַ וואַלד, און וועט נאָך גיין ביז צו די צייטנס ברעג.

און גאָט פון אמתן, צי אויסגעטראַכטן רבי ישו, וואָס אַפילו דעם ווייב, דעם זינדיקן,
וואָס עובר האָט געווען אויף אַ שווערן עשרת הדיברותדיקן לאוו
האָט ער אויך מוחל געווען מיט דעם שענסטן משל פון דער וועלט. ווייל גאָט איז גאָט
און מענטש בלייבט מענטש — זינט אדם אבינוס און דער מוטער חווהס הייליקן באַשאַף.

און גאָט פון דעם ערשטן מאַן פון דער וועלט, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז גאָט איז נישט
[אויסער, נאָר אין,
גאָט פון אַמסטערדאַמער געחרמטן ישיבה־בחור ברוך, וואָס איז אין האַאַג געוואָרן בענעדיקט,

וואָס האָט אין זיך די ליידנשאַפטן אַלע אויסגעוואָרגן, אויסגעשטיקט,
און אַ נייעם גאָט־באַגריף ווי אַ נייעם וועלטן־שטורעם אויף דער וועלט פאַנאַנדערגעוויגט.

אַ גאָט פון אַלע יידן און פון אַלע גוים — זע, וואָס טאַנצן זיי אַרום דיר ווי אַרום אַ געץ,
די גלחימלעך מיט די טאָנזורן גלאַנציקע און רעבעלעך מיט יאַרמלקעס פון זייד,
זיי וויסן נישט פון דיר, זענען דיך מטמא מיט מיילער גלאַנצנדיק פון טשאָלנט און פון חזיר־
[פעטס.
זיי חלומען פון דיינע רעטענישן נישט און ס'אָנט זיי נישט דער נאָענטער באַשייד.

טרייב זיי אַוועק פון דיר, די ליגנערס מיט דיין נאָמען! געצנדינער זענען זיי, דו ביזט גאָט
און באַלאַנגסט צו די, וואָס זוכן דיך מיט ליידצעריסענע נשמות, דאָרנצעפליקטע, בלוטנדיקע
[פיס.
אַ גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, משה, אליהו און עמוס, גאָט פון ישו און פון ברוך,
שרעטעלעך האָבן דיך אַרומגערינגלט — שיק אונז ווידער אַ ריז — —

שיק אונז ווידער אַ מאַן פון וואָרט און טאַט און אמת — שיק אונז אַ מאַן מיט דער צווייטער
[בשורה!
און זאָל ער זי טראָגן אַזוי מעכטיק און הויך, ווי משה האָט
זיין בשורה דער וועלט געבראַכט, זיין בשורה פון איינציקן גאָט.
און די צווייטע בשורה זאָל זיין: יעדער מענטש איז אַ וועלט — יעדע וועלט איז אַ גאָט —
און הייליק איז יעדער מענטש, יעדער מענטש איז אויך אחד.



# און דער לעצטער לעצטערט נאָך אַלץ

ציטאַט פון י צ ח ק ל ײ ב ו ש פ ר ץ.
באַנד 17, זייט 86:
דעם געטלעכן פונק האָט אויך דער, וואָס לייקנט אין גאָט.

— — — — — — — — — — — — — —

דעם געטלעכן פונק האָט אויך דער לעצטערער, איך רעכן — נאָך אין אַ גרעסערער מאָס. עס לעצטערט די פאַרצווייפלטע ליבשאַפט, וואָס בענקט צום קוואַל פון לעבן און קאָן צו אים נישט קומען.

# היטלער שרייט אויפן ראַדיאָ און אין מיין האַרץ שרייט אַ בת-קול:

פאַרשאָלטן זאָלסטו זיין — וואָרט,
וואָס האָסט געדאַרפט אונז זיין אַ היילונג און אַ טרייסט,
און ביזט נישט מער ווי אַ פאַרסמטע שלאַנג אויף דעם פעלד פון אונזער גייסט.

פאַרשלאָטן זאָלסטו זיין הכנעהדיקע סוקע, וואָס בילסט
מיט התלהבות גלייכער פון מויל פון אַ דערלייזער אַרויס, וואָס איז מיט שיין באַגאָסן,
און אַזוי פון דעם מויל פון דעם אַרכי־פאַרברעכער, באַגאָסן מיט שוים פון פרעמדן בלוט, מאָרד,
פאַרשאָלטן זאָלסטו זיין, וואָרט.

פאַרשאַלטן זאָלסטו זיין, דו, וואָס ביזט צו אַלעמען אַ תליונטע־און אַ קנעכטין,
אַ לאַם מיט ליבע און אַ שלאַנג מיט האַס, אַ מוטער אין שטוב, אַ זונה אין גאַס — און ביזט
אין דיין טיפעניש שטיינערן־גלייכגילטיק צו ייד און אַנטי־ייד, קריסט און אַנטיקריסט.

פאַרשאָלטן פאַר דיין צווייפנימדיקייט, טויזנטפנימדיקייט, אומפנימדיקייט,
פאַר דיין אויסזען ווי אַ בלימל אַ בלויס, פאַרגעסן ביים וועג אין גרעזערוואַרק,
און פאַר דיין זיין — אַז מען רייסט דיך — אַ וועלטצעשטערערין, אַ פייערשפייענדיקער בצער.

פאַרשאַלטן — הפקרדיקע אַנדרוגינוסטע, נישט־מאַן און נישט־ווייב,
וואָס כאָייש דו גייסט ווי אַ סוקע מיט יעדן גוף און יעדן גייסט, אַליין ביזטו אָן גייסט און לייב,
אייביק פאַרפוילנדיקער פינגר אין אייביקן אופבלי פון תחית המתים;
פאַרשאָלטן פאַר דיין מאַכטלאָזיקייט אין צדיקס מויל,
פאַר נישט דערגיין וואו מען האָט דיך געשיקט, אַ שליח פאַרטעטריש און פויל,
פאַרשאָלטן, וואָס אין רשעס מויל ביזטו ווי אַ העזל פלינק, ווי אַ הערשין גרינג,
און דו רוסט נישט מער אין רשעס מויל ביז־דו קומסט נישט צו דיין שאָדן,
ביז דו זעסט די קרבנות דיינע אין בלוט זיך באָדן.

פאַרשאָלטן — וואָרט, שלאַנגענעסט פון ליגנט, צעשפאָלטן און גליטשיק אַליין,
ווי אַ שלאַנגען־צונג פון אַ פאַר־מבול־חיה. — מיט דער צונג נאַרסטו דיין קרבן אַריין,
און באַלד פאַרקלעמען און פאַרשניידן זיך אין קרבן דיינע ציין, און ס'רינט ווי טוי, קיל אַזוי
דער סם, וואָס דערגייט גלייך אין סאַמע מיטן האַרץ, און מאַכט דעם קרבן בראַנדיק, סוילך
[שווארץ.

אַלץ אין דער וועלט האָט אַ נשמה — אדם, חיי, צומח און דומים אפילו,
נאָר דו ביזט נאָך שטילער, ווען דו ווילסט, אפילו ווי די שטיינער, די שטילע,
קענסט דיך אַפילו מיט שטיין־נשמות נישט פאַרגלייכן, ביזט אינגאַנצן אָן אַ נשמה — וואָרט.

ביזט רוח און אַנטי־גאָט. זינט גאָט האָט דאָס ערשטע מאָל געריפן דיך צו מאכן ליכטיקייט,
ביזטו באַלד אַרויסגעשפּרונגען פון מיין מויל און זינט יענער רגע שפּרייט
און שפּרייט זיך דיין רוחיש מאַכט —
אין גוף פון דער וועלט איז געוואָרן טאָג, נאָר אין דער נשמה איז שוין זינט דעמאָלט נאַכט,
אַלץ באַשאַף איז דיין שקלאַף — און גאָט אַפילו אַליין, דיין פאָטער, ליגט פאַר דיר אויף דיר
[קני,
זינט ער האָט דיך מיט דיר געשאַפן און אין בעילה געשריגן עקסטאַטיש: יהי — יהי —

און אַזוי ווי די וועלט איז אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף, אַזוי איז אָן אַן אָנהויב און סוף
דיין שפּיינערן־געמיינער גלייכגילט, אָט איז דאָך פון ווערטער־שטאָף
דאָס דאָזיקע קללה־ליד אויפגעשריבן, און דו, וואָרט אַליין, האָסט ווערטער צוגעקליבן
מיט מיר — געהאָלפן מיר די שאַרפסטע זוכן, דיך אַליין, וואָרט, צו פאַרפלוכן און פאַרשעלטן,
פון אַלע פיזישע טיפן, גייסטיקע הייכן פון אַלע מיינע וועלטן.
וואָרט — — אורקוואַל פון שלעכטס, איך האָב דיך אַנטדעקט,
זינט דו האָסט זיך צוגערירט צו דער וועלט איז זי מיט וויי און בלוט אָנגעשטעקט און באַ־
[פלעקט.
אַז איך טראַכט פון דיר בליצט מיר פאַר די אויגן און דונערט אין די אויערן — מאָרד, מאָרד —
און אויב, און ווייל דו ביזט דאָ פון זיבן אייביקייטן, זיי פאַרשאָלטן אין זיבן טויזנט —
וואָרט.



# אַ זיפץ

— — און וויסן וואָלט איך וועלן צי שפּילן זיך נאָך קינדער
אויף די ווארשעווער יידישע געטאָ־גאַסן,
און אויב יאָ — צי באַווייזט זיך אַ שמייכל אמאָל
אויף אַ הונגעריק פּנימל, אויף אַ טויטן־בלאַסן?

— — און וויסן וואָלט איך וועלן דאָס קלערן און דאָס פילן
פון די שוויים־קאַלטע הענט פון די געטאָ־יידן,
וואָס הונגעריק — אליין פאַר דעם שאַרפסטן שונא
העלפן די וואָפן שמידן?

— — און וויסן וואָלט איך וועלן צי הענט, וואָס גראַבלען
אַן איינן קבר חלומען פון בויען,
און וואָס טראַכטן אויגן פון ליכט און פון טאָג,
וואָס אליין, ווי ווערים, אין דער פינצטער ראָיען?

— — און וויסן וואָלט איך וועלן, ווייל יום־כיפור איז היינט,
צי מעגן זיך דאָרט יידן צו אַ מנין קלויבן?
און צי דאַוונען זיי מיט האַרץ און צי גלויבן זיי אין גאָט?
און אויב יאָ — — פאַרוואָס און פאַרוועו זיי גלויבן?

.1942

## ...מנחם אבל צו זיין —

זענען געקומען די יעסיען־רעגנס צו גיין מנחם אבל צו זיין,
און זענען אריבערגעגאנגען אריבער די מויערן
פון דער וואַרשעווער יידן־שטאָט און האָבן מיט טרערן געדעדט צו די איינגעשלאָסענע יידן:
מיר זענען געקומען — יידן — צוזאַמען מיט אייך צו טרויערן.

און ס'זענען געקומען די שנייען אום ווינטער צו פאַלן,
און איבער די מויערן זיך אריבערגעהויבן,
און שטיל געשעפּטשעט צו די וואַרשעווער יידן, גלייך אין די מידע נשמות אריין:
מיר זענען געקומען — יידן — צו העלפן אייך גלויבן.

און אַז סע איז שפּעטער דער פרילינג געקומען, זענען שוואַלבן מיט אים
געקומען און אונטער די דעכלעך פון חורבות האָבן זיי פול מיט פאַרטרויען
נעסטן געקלעפּט און אין הימל אַרומגעשאָסן הויך, העכער און נאָך העכער און גע־שוויש־טשעט:
זאָרגט זיך נישט — יידן — קוקט אויף אונז, איר וועט נאָך וועלטן בויען.

און אַז סע איז שפּעטער דער הייסער זומער געקומען איז מיט אים די פּעסט
געקומען צו גיין צו די יידן און געזעצט זיך אויף די צעגליטע שטיינער:
יידן — און איך, וואָס קען איך אייך העלפן? איך וועל אייך העלפן נקמה נעמען —
נקמה, נקמה — האָט די כאָלערע געצישעט פון צווישן די ציינער.

און אויך זענען אויפגעגאַנגען זונען אויף זונען,
יעדן טאָג מיט אַ נייעם פרימאָרגן,
און אַרומגענומען און געגלעט און געקושט די יידן — און אַרויסגעקושט
פון די אויגן די טרערן, פון די שטערנס די זאָרגן.

און אין קלאָרע נעכט לאַכן די שטערן און שפּרינגען אַריבער די מויער,
איינער און דריי, און טויזנט, מיליאָן און ביליאָן —
און זיי בלינקען און זיי ווינקען און זיי טאַנצן אויף די לאַנגע שטראַלן־פיס:
יידן, נישט געענדיקט איז די שפּיל — זי הויבט זיך אָן.

און אזוי זענען רעגנס און שוואַלבן און אַפילו די פעסט אַליין געקומען מנחם אבל צו זיין.
און אזוי אויך די זון און דער גאַנצער הימלישער כאָר,
אריבער די מויערן פון געטאָ אין ווארשע.
און אינמיטן פון לויטער לעצטע טעג
געקינדיקט די בשורה פון ערשטן יאָר.

נאָר איינער איז נישט געקומען מיט זיין טרייסט,
דער וואָס האָט דאָס אַלץ פארשולדיקט מיט זיין גייסט — —
אָנרופן זיין נאָמען
יעדער ווייסט —
זיין נאָמען — זאָגט מען — איז דאָך סאַקע טרייסט.



## באַנאַלע שטימונג פאַרטאָג — אומשטיינס-אונז-געזאָגט

אַ שעה פאַר פאַרטאָג, כ׳האָב געגרייט מיין געלעגער,
און בין מספיד מיט חשבון הנפש דעם ערשט באַגראָבענעם טאָג:
כ׳האָב געלייענט, כ׳האָב געשריבן, כ׳האָב געגעסן ברויט,
געטרונקען מילך, געאָטעמט, געטונקען די אויגן אין ליכט,
און ס׳זענען די שעהן — ווי שטיינער — אין אָפּרונט פון צייט געפאַלן,
און ס׳האָבן זיך די רגעס, ווי שרויט, נאָך די שעהן נאָכגעשאָטן,
כ׳בין, הייסט עס, נאָך אַ טאָג פאַרויסגעגאַנגען, און מיט מיר כסדר געדאַנקען
וועגן לעבן און וועגן טויט, און איצט איז שוין אַלץ פאַרגעסן, צעטראָטן.

אַ הספד ווי אַלע אַזעלכע הספדים. אַ לעצטער בליק אין קבר אריין.
כאָטש אַ רגע פאַרביי ערשט — געדענק איך שוין קוים
וואָס איך האָב דאָ געזאָגט. און פּלוצלינג גיט אַ דריי זיך אַרום מיין נשמה
אַזוי ווי אַרום אַ בוים אַ שלאַנג — אַ וואַרגנדיק־פאַרסמטער געדאַנק,
און ער וואַרגט און ער פלעכט און ער צישעט שאַרף און לאַנג:
האָסט געלעבט אַ טאָג — נאָר מיט וועלכן רעכט?

מיט וועלכן רעכט?
אַז אין זעלבן טאָג האָבן דיינע ברידער געדאַרט פון הונגער און געוויאַנעט פון קעלט,
אויף דער זעלביקער וועלט, אין דעם זעלביקן טאָג,
און מען האָט זיי געבייטשט מיט געגליטן דראָט און געטריבן
פון שהיטה־שטאָט צו שחיטה־שטאָט
און מיט טויט געשטראָפט
טויזנט אומשולדיקע פאַר איין אומשולדיקן.

מיט וועלכן רעכט? מיט וועלכן רעכט?
נאָך וואַרגט די שלאַנג פון דעם געדאַנק —
און אָט איז זי דאָ שוין אין אַ נייעם גילגול,
זי איז שוין אַ גרויסע גרודע ערד פון וואַסער אונטערגעשווענקט
און זי הענגט און זי לאָזט זיך אַראָפּ אויף מיין קאָפּ.
נאָך איז זי גאַנץ: מיט וועלכן רעכט?

און זי פאַלט און זי ווערט צעשאָטן — איין פראַגע אויף טויזנט שוואַרצע פראַגעס,
איין נאַכט אויף טויזנט נעכט.
און אין יעדער פון די טויזנט גרודעס ראָיען נאָך שלאַנגען,
און אין יעדער פון די טויזנט נעכט וואָיען — נאָך געדאַנקען:
מיט וועלכן רעכט,
נאָט?
און מיט טויזנט מאָל טויזנט שווייגנס הילט איין זיך
אין זיינע טויזנט סודות דער סוד.



## איוב-וואַריאַנט 1942

פאַר מיר ליגט אַ בילד
און אויף דעם בילד ליגן מיינע אויגן,
מיינע אויפגעריסענע אויגן — מיינע צוויי.

אויף דעם בילד איז אַ קבר,
אין דעם קבר ליגן איבעראַנאַנד, ריי אויף ריי
וואַרשעווער יידן.
זיי ליגן מיט אויגן פאַרמאַכטע און גלאָצן מיט זיי.
אויף מיין וואַנט הענגט אַ קאַלענדאַר
מיט פיר גרויסע טשיפערן: איינס, ניין, פיר, צוויי.

דאָס בילד איז אַ שותּפות־קבר פון יידן, וואָס זענען געשטאָרבן דעם הונגער־טויט.
דאָ ליגן זיי צוזאַמענגעמישט, ווייב, מאַן, קינד — אַלט און יונג,
צונויפגעקוועטשט, ווי איינגעלייגט, געשאַטקעוועט קרויט.

זיי זענען אַלע מוטער־נאַקעט,
אַזוי נאַקעט — אַזוי ווי ער, ווי הייסט ער דאָרט? — גאָט —
האָט זיי אויף דער וועלט געבראַכט.

אַוודאי נאַקעט; מען קען דאָך נישט לייגן קיין לעבעדיקע קליידער
מיט טויטע גופים אין דער ערד אריין.
פון אַלטע העמדער, הויזן מאַכט מען נייע מונדירן.
גאָט זאָגט, אַז אויף דער וועלט מוז זיין כּסדר — מלחמה.
מען קען זי נישט פירן — נאַקעט.

אויף דעם בילד ליגן מיינע אויגן, אויף די אויגן ליגט מיין געדאַנק און טראַכט:
אויב דאָס איז, וואָס גאָט מאַכט פון זיין אייגענער קרעאַטור,
דאַרף מען אַרויסוואַרפן פון זיך, אויסווישן יעדע שפּור פון אים.
פאַרגעסן אים — ווערן אַליין ער.

ס'איז זיין גליק, וואָס ער איז איינגעוויקלט אין אומענדלעכקייט,
ווי דער זיידן־וואָרעם אין זיין זייד,
אין זיינע אטריבוטן צוויי
גופיקייט, געדאַנקלעכקייט,
און הינטער אָט די צוויי — פאַרשטענדלעכע,
די אומפאַרשטענדלעכע — אומענדלעכע.

ווייל ווען נישט אָט דער אָ זומפּ פון די געדאַנקען וועגן אַטריבוטן,
הינטער וועלכענע ער ליגט באַהאַלטן,
וואָלט איך אין דעם זאָט פון מיינע בלוטן אויפגעזוכט
דעם הדרת־פּנימדיקן אַלטן און אָנגעכאַפּט אים
ביי זיין לאַנגער, ווייסער באָרד און וואָלט איבער אים,
אָט ווי איך בין אַ וועגעטאַריער און אַ ספּינאָזיסט,
באַגאַנגען אַ געטער־מאָרד.

און שפּעטער וואָלט איך אים צוזאַמען מיט זיינע הרוגים פאַרשאָטן,
די הענט זיך אָפּגעוואַשן און אים נאָכגעקדישט מיט אַ פייף:
וואָן פון דאַנעט — מען דאַרף נישט קיין גאָטן.



# א ליבליד צו דער פילאָזאָפיע

פון אַלע געטער־גלויבנס, די טיפע,
ביזטו — פילאָזאָפיע — די טיפסטע, ווייל די אומגלויביקסטע ביזטו.
אין דיר זענעןביידע — אומרו און רו.

און קלאָר ביזטו און פארשטענדלעך, ווי דער חלל צווישן די שטערן,
און פונקט אזוי ענדלעך און אויך אומענדלעך.

פון אַלע גלויבנס, וואָס האָבן מיר שוין אָפּגעשפּילט
א דערנידעררדיקס און א דערהויבנס,
ביי דיר בין איך אייביק געבליבן.

אין דיר איז מיר אַלץ פארשטענדלעך,
דאָס אומפארשטענדלעכע אפילו,
ווייל דאָס אומפארשטענדלעכע נישט וויסן און דאָס שטילע עס צוגעבן,
איז ליכטיקער ווי גלויבן ליכטיקסטער.

דו אָבער פליסט גלייך ווי א שטראַל אריין אין די אויגן,
גלויבן איז פלאָנטער, דזשונגל,
גלייך — נאָך איידער אַלבערט איינשטיין האָט אים אויסגעבויגן.

און כאָטש איך וויים, אַז דו ביזט נישט און וועסט אפשר קיינמאָל נישט זיין די דערגרייכונג,
ביזטו אָבער דער וועג.
די עיר מקלט פון טויט־אנטרינונגס־נעיעג, די שטאָט, דער גאָט,

צו וואָס זאָל איך דיך אין דעם ליבליד פארגלייכן?
אַלע פארגלייכן זענען קרום, בלאַס, אַלט און באַנאַל,
און ליגנט דערצו. קען מען דען עפּעס דערגרייכן דורך פארגלייכן
טויזנט בילדערישע ליגנס צו איין בילדלאָזן אמת?

און דאָך, נאָר דו,
און זאָל דאָס קלינגען טויזנט מאָל באַנאַל,
ביזט ווי דער וועג, וואָס פירט אין דער מדבר צום קוואַל,
ביזט ווי דער שטראַל — שטראַל איז אויך א וועג,
א גלייכער וועג צום קוואַל פון ליכט.

# דער גאַנצער אמת אין דריי סטראָפן

וואָס דער הימל איז? דער הימל איז אַן אָפענע, צעוויקלטע מגילה.
וואָס די שטערן זענען? אותיות. די שטערן־בילדער? קלאָרע, פשוטע פסוקים.
א מגילה וואָס לייענט זיך אַליין. איר שווייגן רעדט. איר שטילקייט קען אַפילו זינגען.
און אַז זי זינגט — זענען עס תהילים־שירים. און אַז זי רעדט — איז לויטער ראשי פרקים.

אונזערע אבות האָבן עס גוט געוואוסט וואו גאָט איז צו זוכן.
נאָר וואָס האָבן זיי דען אויפטון געקענט — די ביטערע אַנאַלפאַבעטן.
שטייט נאָך דער הימל אָפן ווי אַמאָל. און אלף בית קענען מיר שוין אַלע, אַלע.
נאָר עס ווילט זיך אונז בעסער מיט די קאַניבאַלן טאַנצן, מיט די וויסטע שפּעטער שפּעטן.

דער הימל איז אַן אָפענער ספר, אַן אָפענער טויער, א סוד אַן אויסגעזאָגטער.
אפשר טאָקע צופיל אָפן. ווייל מען נישט לייענען, נישט אריינגיין, נישט הערן א סוד, וואָס איז אָפן.
דאָס איז דער גאַנצער אמת. פּראָסט ווי צוויי־מאָל־צוויי, ווי וואַסער מיט ברויט.
און פאַרן גאַנצן אמת איז גאַנץ גענוג אַ טוצן שורות אין אָט אַ די דריי סטראָפן.

# יאוש, טרייסט-וואָרט און ווידער יאוש

איך בין אַרומגעשטאָרבן ווי אַ בוים אין האַרבסט,
מיינע בלעטער ווייקט דער רעגן, מיינע בלעטער זויגט די ערד,
מיינע צווייגן זענען נאַקעט, וויסט און הויל,
ווי די ריפּן פון אַ נישט באַגראָבן פערד.

איך בין אַרומגעלאָשן ווי אַ ליכט אין ווינט,
אַרומגעריסן און אַרומגעפליקט די פלאַמען זענען אַרום קנויט,
און מיט אַ וואָסער חוצפה ס'קוקט דער טויט אויף מיר,
טאַקע ווי אויף לעבן קוקן דאַרף דער טויט.

און ווּעסט נישט גלויבן, אַז איך וועל דיר זאָגן איצט,
אַז דווקא איצט פילט ווי אַ בוים מיין גוף דאָס לעבן אין דער טיף פון שטאַם,
און פליגלען די נשמה פילט און גליט מיט היץ אין קנויט,
ברייטע בלעטער־גרינע קרוינען פילט דער שטאַם, און דער קנויט פילט זעקס פּאָר פליגלען־פלאַם.

אַרומגעשטאָרבן און אַרומגעלאָשן בין איך נאָר דערפאַר,
ווייל דאָס שטאַרבן און דאָס לעשן נעמט פון דרויסן זיך,
אינעווייניק שטאַרבט מען נישט — שטאַם איז אייביק, שטאַם איז איך —
לעשט זיך נאָר אַמאָל אַרום, אָבער קיינמאָל שטאַרבט נישט איך.

שטאַרביק איז האַרבסט און האַבסטיקט הונדערט מאָל אַרום איין שטאַם,
שטאַרביק איז אַרום אַ יעדן קנויט דער לעשנדיקער ווינט;
אומשטאַרביק איז איך, איך איז גאָט, איך איז נישט אין ווינט אַ פלאַם — אַ בלאַם,
און צו פולקאָמענהייט פעלט נאָר נאָך איין איינציקער פּרט:
דער פאָדעם פון זכרון אין דעם לאַבירינט.

אַ פאָדעם בלויז? יאָ, אַ דינער פאָדעם, דין אַפילו ווי אַ שפּין־געוועב,
נאָר דער פאָדעם איז נישטאָ, איז נישט געווען און וועט נישט זיין אין קיין שום האַרבסט,
און דעריבער פאַלן בלעטער, לעשן ליכט זיך און דו — — שטאַרבסט.

# א דודעלע צו וואַסער

וואַסער דו, מאַמע דו, שוועסטער דו, פון מענטשלעכן מין געליבטע דו
וואונדערבאַרע דו, אומפאַרשטענדלעכע דו,
אייביקע דו, אומענדלעכע דו,
אַלע טיפעניִשן פון מיין איך דורכדרינגענדיקע דו,
ווען דען זאָל איך דיך רופן — דו,
מאַמע דו, שוועסטער דו, געליבטע דו,
פון אַלע הונדערט עלעמענטן — געטלעכסטער עלעמענט — דו,
אַט הויב איך דיך אויף הויך אין מיינע ביידע הענט — דו,
אין דיין דורכזיכטיקן דינעם קלייד פון גלאָז — דו — —
דו, דו, דו —

דיין וואונדערלעך לייב, הייליקע מאַמע, דיין לייב, וואָס איז לעבן,
דיין פאַרגעטערט לייב, לייב וואָס איז שוועסטער, און האַרץ און גוטסקייט,
דיין תאוהדיק לייב, געליבטע, געליבטע — לייב, וואָס איז ליבע,
דיין לייב שימערט מיר אַנטקעגן
פון גלאָז, פון דיין קלייד אַרויס
אין זיבן מאָל זיבן קאָלירן.

און דאָס גאַנצע בלוט מיינס צוזאַמען,
שוועסטער, געליבטע און מאַמע,
און יעדער טראָפּן באַזונדער — שפּירן,
דיינע הונדערט מאָל הונדערט טעמען,
און ווילן דיך, ווילן דיך, ווילן,
מיט אַלע ווילנס.

זיי ווילן דיך זויגן — מאַמע,
זיי ווילן דיך טרינקען — שוועסטער,
זיי ווילן דיך זייען, ווי זאָמען — געליבטע.

איך פאַרלאָז מיך אויף גאָט, בעט צו גאָט,
אָבער יעדער טראָפּן פון מיין בלוט, וואָס איז מיין איך,
בעט צו דיר,
איז אין דיר — דו,
איז דורך דיר — דו,
אין זיך און אין דיר — דו,
קום נענטער — דו,
נאָך נענטער — דו,
אָט אזוי — דו,
איך — דו,
טרינק דיך — דו.

מיין גוף ציטערט מיט תאווה,
ווי אַ בלאַט
אין ווינט —
אָט שוין, נאָך איין טראָפּן רינט
אין מיין הארץ אראָפּ,
מיד פאַלט דער קאָפּ;
אַצינד
בין איך זאַט.

געבליבן איז אין מיינע הענט נאָר דיין דין, גלעזערן קלייד,
אַ דינער, אוועקגעוואָרפענער, לעצטער שאַל פון זייד.
די געליבטע שלאָפט —
שאַ —
זי שלאָפט אין מיר, זי לעבט אין מיר —
איך וועל איר אַ דודעלע זינגען — שטיל —
מאמע דו, שוועסטער דו, געליבטע דו,
אַ לידל פון דיינעטוועגן,
מיט דיר איז גאָט געלעגן,
ווי אדם מיט חווהן,
אין דער ערשטער נאכט פון די נעכט, דעם ערשטן יאָר פון די יאָר,
און דו ביזט שוואַנגער געוואָרן
און די וועלט באשאַפן —
דו, דו, דו.



## די מיסטעריע פון וואָרט און באַגריף: שוועסטער

געווידמעט ר. א.

(געשריבן פון אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיין שוועסטער נישט געהאַט און זיין לעבן לאַנג געבענקט נאָך דער קיינמאָל נישט געבוירענער צום אים)

אין קדמון איז געווען נירוואַנאַ — נירוואַנאַ האָט געבוירן דאָס פייער;
דאָס פייער האָט געבוירן גאַז — גאַז האָט געבוירן שטערן;
שטערן האָבן געבוירן פּלאַנעטן — און אונזער ערד צווישן זיי;
און די ערד האָט אַלץ געבוירן — אַ מאַמע, און האַלט אין איין געבע׳ן.

צוערשט דעם דומם, דאַן דעם צומח, דעם חיי און צולעצט דעם מדבר,
דורות איין, דורות אויס, הונדערטער און הונדערטער.
אַזוי גייט עס, מוז עס, וועט עס גיין; קיינער פרעגט שוין נישט מער,
קיינער שטעלט זיך נישט אָפּ אַ דערשטוינטער און פאַרוואונדעטער.

ביז עס איז צו דיר געקומען — אויסגעטראַכטע מיינע — כ׳האַלט דיין האַנט אין מיינער,
דו, וואָס ביזט פון זיין און נישט־זיין הערלעכע סינטעזע,
און האָסט מיט דיינע שטילע אויגן אַ קוק געטון אין בוראס אויגן,
און ס׳איז אים פּלוצלינג מענטשלעך־אומעטיק געוואָרן אין זיין געטלעך־גרויזאַם וועזן.

און דו האָסט גערעדט, אויסגעחלומטע, און אָנגעהויבן ווי ער אַמאָל: — יהי — —
שטילקייט זאָל ווידער זיין... און גאָט האָט זיך אַוועקגעזעצט און געשוויגן.
און הינטער אים זענען זיך צונויפגעלאָפן שטיין, בוים, חיה, מענטש,
פון בערגער, וועלדער, מדבריות, שטייגן און וויגן.

און דו האָסט אָנגענומען די האַנט פון גאָט, די תאווה־ציטערדיקע, אַלטע, אייביק־שאַפערישע,
און האָסט געקוקט אין זיינע אויגן, טיפער אַלץ, שטאַרקער אַלץ, פעסטער:
— מיינסטו גאָט, אור־קדמון דו, אַז אַלץ, אַלץ, אַלץ איז מאַמע?
מאַמע איז לבוש נאָר — גאָט — דער מהות איז שוועסטער.

זענען אור־קדמונס תאווהדיקע שלמה־אויגן מיט טרערן פארלאפן, ער האט זיך פארענטפערט:
— איך האב דיך פארגעסן, שוועסטער, אבער כ׳וועל דיך נאך געדענקען.
און מיין אויסגעבענקטע שוועסטער האט געלאכט ביטער און טיף און אין זיך,
און נאך פעסטער געקוקט אין די געטלעכע אויגן און געפרעסט זיינע האנט־געלענקען.

— איך וויל נישט דיין טרייסט און וויל נישט דיין געדענקען, ווייל ווען דו געדענקסט
ווערט יעדער מאן א פאטער — יעדע פרוי א מוטער.
דו ביזט די גרויזאמע שיינקייט — און איך, איך אויסגעטראכטע, באלאנג
צו א וועלט א מילדער און א גוטער.

מיד זענען מיר פון דיינע פאטער־מוטער־וועלטן, ווילן שלאפן גיין צוריק,
דורך חיה, בוים און שטיין — מיר ווילן ווידער אין נירוואנא זיין פארשפארטע,
אומענדלעכקייטן האבן מיר שוין אט אזוי געווארט, מיר שוועסטערן אויסגעטראכטע,
מיר ווילן ווידער צוריק צום קדמון פון אייביקן ווארטן, אור־ווארטן.

נענגוג מיט שיינקייט, שיינקייט איז לעבן, לעבן מוז שטארבן, שיינקייט שווימט אין בלוט,
קוק דיך ארום אור־קדמון, דיין אור־געדאנק איז א גרייז, נרייז געבוירט גרייזן,
מיר ווילן ווידער אור־שוועסטערן זיין, ווייל אין מוטער־גילגול האבן מיר
דיין וועלט נישט באוויזן צו גוטסקייט אויסצולייזן.

גענוג. — און די האנט פון מיין אויסגעטראכטער שוועסטער דינער ווערט און דינער,
אירע ווערטער שטילער: — איך וויל די ערשטע זיין אין אור־אפגרונט צו שפרינגען,
נירוואנא איז די טרייסט, דער וועג צוריק — דער וועג צו ווערן אויסגעלייזט —
דינער, נאך דינער די האנט — פארשוואונדן. מיין שוועסטער איז געווארן לויטער זינגען.

מיין אויסגעטראכטע שוועסטער, וואס איז קיינמאל נישט אליין געוועזן
און קיינמאל נישט געווארן מאמע.
העכער הויבט דאס זינגען זיך — אלץ זינגט מיט. דאס ליד אטעמט מיט טרייסט,
דומם זינגט, צומח, חיי און מדבר — אין מיין שוועסטער פארייניקט זינגען מיר אלע צוזאמען.



## דאָס דריטע, דאָס אומהיימלעכע, דאָס אומבאַקאַנטע —

און כבוד האָבן טויטע ליב, מער אפילו ווי די לעבעדיקע,
ווייל די, וואָס לעבן, האָבן ליב כבוד און געלט — און טויטע דאַרפן נישט מער קיין געלט,
דערפאַר האָבן זיי טאָפּלט אָבער ליב דעם כבוד, די טויטע;
יעדער לעבט ווי ער קען און דאַרף, און אָט אַזוי לעבט די טויטע וועלט.

די טויטע זענען נישט אַנדערש אַ סך ווי די לעבעדיקע זענען,
ז'האָבן ליב געזעלשאַפט, און ליב, אַז גוטס מען רעדט וועגן זיי.
און טאָמער אָקאָרשט געשטאָרבן, זענען זיי אפילו מיד נאָך, האָבן שטילקייט ליב,
ווי מיטערס, וואָס האָבן נאָר וואָס געבוירן, האָבן נישט ליב קיין געשריי.

די טויטע וואַכן אויף ביים באַריר פון אונזערע געדאַנקען און אונזערע ווערטער,
איז לאָמיר זיי טאַקע צוליב טון מיט אונזער געדאַנק און מיט אונזער מויל.
די טויטע האָבן ליב מעשיות פון פאַרצייטן, די צוקונפט און איצטיקייט — דווקא נישט,
פונקט ווי די לעבעדיקע פילן זיי, אַז די איצטיקייט איז אַלעמאָל אַ גרויל.

איז לאָמיר זיי צוליב טון, די טויטע אונזערע, לאָמיר רעדן וועגן זיי,
לאָמיר איינדרייען די לאָמפּן, די טויטע האָבן פיינט צופיל שיין,
לאָמיר זיצן אין אַ קרייז, קעפּ צונויפגעדריקט, מענער און פרויען, יונגע און אַלטע,
טויטע און לעבעדיקע, שותפים זענען מיר אַלע און קענען איינער אָן צווייטן נישט זיין.

אָט אַזוי אַ, אדרבא, אַז מיר זיצן שוין צוזאַמען, לאָמיר־זשע טאַקע קלערן,
וועגן דעם אומהיימליך־אומבאַקאַנטן עפּעס, דער דריטער — יאָ, דער דריטער זאַך,
וואָס זי איז נישט לעבן און זי איז נישט טויט, און איז דאָ אַרום אונז און איז דאָ אין אונז,
און האַלט איבער אונז איר אייביק־אומהיימלעכע וואַך.

וואָס קען עס טאַקע זיין, אָט דאָס דריטע און דאָס אומבאַקאַנטע?
גרויליק שטאַרצט עס הינטער יעדער שטויביקער וואַנט און יעדן בית־עולם פּלויט,
הינטער וועלכן מיר לעבן אָדער ליגן שטיל און טויט, מיר קינדער —
מיר קינדער פון איין טאַטע־מאַמע. די מאַמע הייסט דאָס לעבן און דער טאַטע הייסט דער טויט.

און פאַרגעסן איז דער כבוד געוואָרן און אַלע אַנדערע טויזנט קליינינקייטן,
ווי נאָר איך האָב דערמאָנט די דריטע זאַך, די דריטע, אומבאַקאַנטע עקזיסטענץ — — — —
די טויטע זענען נאָך שטילער און טויטער געוואָרן פון שרעק,
און די לעבעדיקע? אַ שרעק אַ קוק צו טון — אַלע ווי איין טויט־געשפּענסט...

יאָ, יאָ, ברודער, די טויטע זענען נישט אַנדערש אַ סך ווי די לעבעדיקע זענען,
הײמלעך איז אין זייער געזעלשאַפט, מ'רעדט רכילות, מ'טוט אַ שטיף, אַ לאַך —
נאָר ווייַ — מען בלייבט אָן לשון, ס'נעמט איינעם אָפּ די הענט, די פיס,
ווי נאָר עס באַווייזט זיך די שרעקלעכע מראה, דאָס געשפּענסטישע פּנים פון דער דריטער זאַך.



## שורות מיט גראַמען פון אַ שלאָפלאָזער נאַכט

אַלץ אין דער וועלט האָט שטאַפלען, אַלץ אין דער וועלט איז שרעק, און איך וועל דיר אָרא
דערציילן וועגן לעצטן שטאַפל פון שרעק. דערנרייכט — קען נאָרנישט שרעקלעכער זיין;
אָט די שרעק האָט אַ נאָמען: — אימה פאַר זיך אליין.

ס׳איז די שרעק פאַר דיין איינענער נשמה, שרעק פאַר דיין איינענעם גוף;
אָט אָ די דאָזיקע שרעק פון העכסטן שטאַפל און פון לעצטן סאָרט
איז אַ שווייגערין — ליינט זיך צו ביינאַכט, רירט זיך נישט, רעדט נישט קיין וואָרט,

נאָר זי איז דאָ און לעבט. פּלוצלינג דערפילסטו, לייטישער פאַרשוין, וואָס דו ביסט,
סטאַטעטשנער מענטש, בכבודיקער בירגער, ביי יידן אפילו אַ פּאָעט,
אַז דו ביזט אַ קבר גאָר און אין דיר איז באַגראָבן אַ — סקעלעט.

אַ קבר? — יאָ, אַ קבר. נאָר אַ מאָדנע קבר אַזאַ, עפּעס אַזאַ רירעוודיקס,
שליידערסט מיט דעם מת אין דיר, לאָזט אים נישט איינלינגן רויק און שטום,
גיסט אים נישט אָפּ קיין כבוד־המת, שלעפּסט אין אלדי רוחות מיט אים זיך ארום.

אַ רגע — שטיל. נאָר די אימה ניורעט טיפער, ווייטער, גליד ביי גליד צענעמט זי,
און יעדער גליד ווערט אַ באַרג און אַן אָפּגרונט, באַרג פון אימה, אָפּגרונט מיט גרויל:
— אָט הויב אָן; צוויי האַלבע רייפן מיט פלאָמבירטע ציינער — איז דאָס דיין מויל?

און דאָ גיב אַ קוק אין שפּיגל, צוויי ווייסלען, רויט־באַאָדערט פלייש — די אויגן?
אַ פליישיק שמאַטקעלע, אַ רויטס דרייט זיך צווישן ציינער אום — איז דאָס דיין צונג?
און גליד־ביי־גליד, באַרג־אויף און אָפּגרונט־אָפּ — וואַקסט גרויליקע פאַרוואונדערונג.

און ס׳איז די טיפסטע גרויל פון אָט די שרעקן און די אימות אַל,
וואָס אָט די קופּע איך, וואָס נישט זי קען דיך, נישט זי ווייסט
ווער דו ביזט — איז די לעבנס־לאַנגע תפיסה פון דיין גייסט.

און קיין אַנטרינען איז נישטאָ — און קיין האָפנונג נישט,
נישט אין ווייטסטן וועלטן־רוים, נישט אין טיפסטן תהום,
און אַפילו נישט אין קיין אַטאָם.

פון אַלע שרעקן פון דער וועלט — פאַר אַלץ, וואָס אויסער דיר
איז די שרעקלעכסטע די אימה, די איינציקע, וואָס איז אין דיר אַליין,
אין דיר פאַר דיר, משוגעת פון דיין גייסט און קבר פון דיין גופס געביין.



## וואָס ווילסטו דען נאָך? קומט דיר נאָך עפּעס?

וואָס ווילסטו דען נאָך? קומט דיר נאָך עפּעס —
וואָס דו זשומעסט ארום ווי אַ בין?
געפעלט דיר דאָ נישט? נו, דו קומסט דאָך פון ערגעץ,
קענסטו דאָך צוריקגיין אהין — —

זע, ברודערל, זע, האָסט דאָך שׂכל אין קאָפּ,
מאַכסט לידער פאַר יידן, ביזט אַ פּאָעט,
פאַרשטייסטו דאָך וואָס דאָס הייסט צו זיין
אויף אַ געטלעך שפּיל — מיט אַ פריי־בילעט — —

און מען האַלט דיר אין איין ווייזן דאָ וואונדער,
אַ זון, אַ לבנה, און שטערן און וואָס נישט?
זומערן, ווינטערן, פרילינגען, הארבסטן,
און אויך פרויען שיינע, וואָס מען זעט און מען קישט.

איז וואָזשע ווילסטו? ווילסט אייביק לעבן? אַן אייביק טעאַטער?
מען ווייזט דיר אַ פינגער — ווילסטו אַ האַנט?
דו פאַרשעמסט אונז דעם גאַנצן דיכטער־שטאַנד,
מאַכסט אים צו שפּאָט און צו שאַנד.

נאָך אַלעמען ביזטו ביי גאָט קיין בן יחיד,
אַנדערע וואַרטן, נישטאָ דאָ קיין פּלעצער צופיל,
און נישטאָ אויך קיין אייביקע שפּילן אויף דער וועלט,
און קירצער פון אַלע איז דאָס ערדישע לעבנס־שפּיל.

גאָט האָט דיר געוויזן זיין שענסטן טעאַטער,
וואָלסט דען בעסער געוואָלט זיך ארומדרייען שנעל,
ביז צום קאָפּ־פאַרדרייען און ביז צום ברעכן
אויף די רינגען פון דעם סאַטורן־קאַרוסעל?

איאָ, אז ניין? ווייל די ערד איז דאָס שענסטע טעאַטער,
גאָט פאַרמאָגט נישט קיין שענערס, דאָס איז אַלץ, וואָס ער קען,
טאַ הויבזשע זיך אויף, ברודער; אויף, גיי זיך לייגן,
די שפּיל איז געענדיקט פאַר דיר, זיי אַ דזשענטלמען!

זיי אַ דזשענטלמען, הויב דיך אויף און פאַרנייג דיך,
זאָג אַ שיינעם דאַנק, הויך, בקול רם,
נאָך אַ רגע, שטיי שטיל, אָט בינדט מען דיר נאָך אַ שטיין צום האַלז
איידער מען טוט דיך אַ שליידער אין תהום.



## נישטאָ קיין שטאַרבן אויף דער וועלט —

נישטאָ קיין שטארבן אויף דער וועלט,
נישטאָ קיין פריער און קיין שפעטער,
נישטאָ קיין אויפגענג און קיין אונטערגענג,
אַלץ איז נאָר קרייזן — רינגען — רעדער.

נישטאָ געבוירן און נישטאָ קיין טויט,
קיין אָפשטעלן און קיין איבערייסן,
קיין ליניע האָט קיין אָנהויב נישט, קיין סוף,
אַלץ איז נאָר רינגען — רעדער — קרייזן.

קענסט פון מיליאָנען רגעס, זאכן קלאָר
דעם פראָסטן שכל אייביק דרינגען:
אויב נישט קיין טויט און קיין געבורט, איז לעבן אַלץ,
און אַלץ נאָר רעדער, קרייזן, רינגען.

אַלץ איז נאָר קרייזן, רינגען, רעדער —
און שוין גאָר אין בעסטע פאַלן
זענען די אַראָפגענג און אַרויפגענג אויך
קרייזן — אָבער קרייזן אין ספּיראַלן.

נישטאָ קיין אלף׳ן און תיו׳ן, אָנהויבן און סופן,
נישטאָ קיין ליניעס מיט צוויי פונקטן.
אין אַן אייביק, ענדלאָז קרייזן, קרייזן
איז דער אוניווערס פאַרזונקען.

# איך האָב מיר געקויפט אַ קליינע בלומען־טאָפּ

איך האָב מיר געקויפט אַ קליינעם בלומען־טאָפּ
מיט אַ בלום, וואָס איר נאָמען איז מיר נישט באַקענט.
און ווי כ'האָב זי אויף מיין זונלאָז פענצטער געשטעלט,
האָבן אַלע בלעטלעך אירע צו דער זון זיך געווענדט —

כאָטש די זון איז ווייט איבער דעכער געווען.
און איך האָב מיך צערעדט צו מיין בלום: זיי מיין לעצטע טרייסט,
ווייז מיר אַ נייעם לעבנס־וועג,
ווייז בלום — ווייל אַלע אַלטע האָבן געגרייזט.

לערן מיך גאָט פאַרשטיין — קליינע, געטלעכע בלום,
און דאָס לעבן אויך — פּונקט ווי דו פאַרשטייסט.
לערן מיך פילן בלויז. לערן מיך דאָס וויסן פאַרגעסן.

דער גרעסטער חכם איז דאָך סיי־ווי דער, וואָס ווייסט, אַז גאָרנישט ווייסט.
מיין צימער האָט קיין זון נישט, אָבער גליקלעך איז מיין בלום,
גליקלעך מיט דעם קליינעם פענצטער, וואו כ'האָב זי געשטעלט.
און אויך מיר איז פּלוצלינג צו געמיט געוואָרן
אין אָט דער צעקריגטער וועלט.

ווייל יעדן פרימאָרגן, ווען כ'שטיי צעפייניקט אויף פון בעט,
פון סדום־בעט פון חלומות, פּלוצלינג אויפגעוואַכט,
זע איך ווי מיין בלום איז לאַנג שוין אויף, קוקט זיך מיט די ווייסע שטראַלן דורך
פלאַפּלט צו זיי. ביידע לאַכן. די זון לאַכט און מיין בלום לאַכט.

און איך — פאַנטאַזיאָר פאַנטאַזיר וועגן מיין בלום אין מיין בלומען־טאָפּ,
און אָט, וואָס מיין פאַנטאַזיע, די צעהיצטע, זעט:
איך זע מיך קניען פאַר דעם בלומען־טאָפּ און הער מיך שעפּטשען
אַ געבעט — —

און מיין פאַנטאַזיע לייגט צוזאַמען די דינע בלעטלעך פון מיין בלום אַן אַ נאָמען
אין אַ סידורל פאַר מיין פאַרפייניקטער נשמה, אַ סידורל מיט בלעטלעך גרין,
אַ סידורל מיט ווערטער, וואָס קענען ניך ווי שטראַלן פליען
גלייך צו גאָט — און זענען ווי די שטראַלן דין.

איך האָב מיר געקויפט אַ קליינעם בלומען־טאָפּ,
און כ'האָב אים אויף מיין פענצטער, וואָס איז אַן זון און זין געשטעלט:
לערן מיך בלום צו קענען פונקט ווי דו
אַן זון און זין — גליקלעך זיין אויף אָט דער וועלט.



# אַ לויבליד אויף אַ בוים

זאַר מיין פענצטער שטייט אַ בוים, גלייך און נישט געבויגן,
זין דער זון זיין קרוין, זיין גרינע,
און ביים פענצטער — איך אַליין,
פול מיט גרינער קנאה.
ווייל כ'וויל אויך זיין בוים, ווי ער,
האָבן נישט קיין הענט — נאָר צווייגן,
אויך ווי ער וואָלט איך געוואָלט
מיט הכנעה און מיט שווייגן
קענען אויפנעמען אַ שטורעם.
אַלץ איז פאַר אים זעלבסטפאַרשטענדלעך,
פאַר דעם בוים ביים פענצטער דאָ,
און ער זאָרגט נישט וועגן ענדלעך, חלומט נישט — אומענדלעך — —
און ער ווייסט נישט פון קיין שלעכטס,
און ער ווייסט נישט גוטס צו מאָנען,
און וואָס שייך גאָט, איז ער
נענטער טויזנט יאָרמיליאָנען.
קומט דער האַרבסט צו גאַסט צו אים,
נעמט ער אויף דעם גאַסט מיט פאַרבן,
און ער טוט זיך אויס — — און זינגט
אַ וויגליד צו זיין אייגן שטאַרבן.
ביי מיין פענצטער שטייט אַ בוים, האָט זיך צו מיר אָנגעבויגן,
און שעפטשעט מיט זיין בלעטער־פלאַטער,
שעפטשעט: קינד מיינס, קינד מיינס, קינד —
נעם אַ משל פון דיין טאַטן — —
און עס וויגט זיך הויך זיין קרוין
אין דער זון מיט בלעטער גרינע,
און זיין קינד, זיין קראַנקס, דעם בליק
צו דער קרוין הויבט אויף מיט קנאה.

# אַ שטילער קול קורא

און אפשר וועט דאָס אונז ראַטעווען, מענטשן,
מענטשן גוטע — אַ סוף מיטן האַס;
לאָמיר גאַנץ פּשוט צו דער ליבע צוריקגיין,
לאָמיר זיך טיילן מיט די אָרימע פון גאַס,

לאָמיר רופן מאַמינקע יעדע אַלטינקע פרוי,
די ערשטע באַגעגנט, כאַטש גאַנץ אומבאַקאַנט.
— מאַמעלע — לאָמיר זי רופן מיט פרייד,
און אַ כאַפּ און אַ קוש טון איר פאַרשוואַרצטע האַנט.

און — שוועסטער און ברודער לאָמיר רופן גאַנץ הויך
יעדע קאַליקע ביי יעדן גאַסן־ראָג,
און — טאָג פון דערלייזונג לאָמיר רופן אויך
יעדן ערשטן בעסטן וואָכן־טאָג.

לאָמיר טיילן דאָס ברויט פון אונזער טיש, אויך דאָס ליכט פון אויג
מיט יעדן, וואָס איז איינזאַם און בלינד,
און — טאָכטער לאָמיר רופן, און — זונדעלע מיינס,
יעדעס הפקרדיקע גאַסן און ממזר־קינד.

און מורא לאָמיר האָבן גאַנץ פּשוט פאַר גאָט,
ווי פאַר אַ טאַטן, שטרענג אָבער גוט,
אַ טאַטן, אַ קרוב אין פליייש און אין בלוט.

און לאָמיר נישט רופן — נדבות — די מתנות,
וואָס מיר גיבן צו ברידער. נו, אַוודאי, ווייל
מיט וואָס פאַר אַ רעכט רופן מיר עס אָן
אַ נדבה — אַ ברודערס אַ ירושה־טייל?

א ירושה איז דאָך די גאַנצע וועלט,
און אַלע זענען ברידער — איין בלוט און ביין,
ס'זענען אַלע פון איין מאַמען געקומען,
וועלן אַלע אין איין מאַמען פאַרגיין.

און אויך דו, טאַקע דו, וואָס דו הערסט איצט דאָס ליד,
אין אָט דעם טאָג, אין אָט אָ דער שעה,
זיי ווייסן, ברודער צי שוועסטער דו,
אַז דאָס מלכות־שמים איז שוין דאָ.

און ווייסן זיי, ברודער צי שוועסטער דו,
אויב דו האָסט עס ביז אַצינד נישט געהערט,
אויף דיר וואַרט שוין משיח אויפן זיבעטן הימל — —
און דער זיבעטער הימל איז דאָך די ערד.

.1942



## עלעגיע אין 1944

איך ווייס, איך ווייס — די זון וועט נישט אויפהערן צו שיינען —
און פאַרוואָס זאָל זי טאַקע אויפהערן צו שיינען?
גאָלדיק־פלאַמען וועט די זון — זילבריק־קילן די לבנה,
און יינגע מאַמע־קעפּ, פול מיט לעקעלעך, גלעקלען מיט גלעכטער, און קינדער וועלן וויינען.

ריטשקעס ווי ציגן, באָכן ווי בעק וועלן שפּרינגען פון די הויכע בערג,
און פאַריוואָס זאָלן זיי אויפהערן שפּרינגען אין מיטן דערינען?
גרינגאָלדיקן וועלן די ביימער, זינג־זומען אין בלומען וועלן האָניק־בינען,
מיידלעך וועלן זיך קאַטשען מיט יונגען אין גראָז און די ווייסע קליידלעך פאַרגרינען.

ווייל ס׳איז דאָ אַ געזעץ, אַז אַלט מוז כסדר ווידער ווערן יונג און ניי,
און פאַרוואָס זאָל זיך עס טאַקע אין מיטן דערינען נישט ווידער באַנייען?
רויטע פענער וועלן ווידער פלאַטערן, באַלעבאַטים וועלן ווידער עסקספּלואַטאַטערן,
און ווידער וועט רינען בלוט אין די רינשטאָקן פון די ערשטע מאַיען.

גאָט וועט אייביק בלייבן גאָט, מענטש וועט אייביק בלייבן מענטש,
און פאַרוואָס זאָל טאַקע מענטש צו גאָט נישט ווידער בעטן?
אַז מען איז מיד און זאַט פון זינד און זומער — איז דען דאָ עמיץ אַנדערש צו וועמ'
צו נעבן אַ דאַוון אַזוי באַקוועם, יום כיפּור אין אַן אָסיען־טאָג, אַ שפּעטן?

שלום וועט אייביק זיין דער אידעאַל און קריג וועט בלייבן קריג,
און גוים־פעלקער וועלן אין דער וועלט־קרעטשמע זיך גאַנץ אָפט די קעפּ צעפּלעטן,
און באַלד דערנאָך זיך אויף די רויט־נאַסע העלזער פאַלן און זיך צעכליפּען
און זיך איבערבעטן.

איך ווייס, איך ווייס, איך נאַר מיך נישט אָפּ,
און פאַרוואָס זאָל איך מיך טאַקע דאָ אינמיטן דערינען גאָר נאַרן?
ווי אַן אַלטער בוים מיט יאָרן־רינגען בין איך פול מיט חכמה אינערלעכער,
מיין קאָרע איז צעשמיסן פון ווינטן, רעגנס, שנייען, טעג, נעכט, שמחות און צערן.

סיין טאָג איז שוין אַריבער, איך האָב אים געהאַט צו דער פול און צו דער זאַט,
סיין יהושע בן נון, וואָס פאַרהאַלט די זון בין איך נישט, קען נאָכט אויף טאָג נישט בייטן,
סיין גורל איז זיצן ווי אַן אַלטער סבלן אויף דעם רוקן פון מיין קליאַטשע
און צוזאַמען מיט אַלע סבלנים דעם אונטערגאַנג רויק אַנטקעגן רייטן.

איך בין אַ דיכטער און אַ ייד און כ׳ווייס, אַז קיינער קען נישט —
אַ ייד אַוודאי נישט — פון די הויטן זיינע שפּרינגען.
איז לאָמיר דעריבער — דיכטער, סבלנים און יידן — ווייטער רייטן,
און אין דער טונקלקייט לאָמיר אַ פינצטערן ניגון זיך אונטערזינגען.

אַלע אונזערע נאָענטע זענען שוין ווייט, אַלע לעבעדיקע שוין האַלב־טויט,
די האָפנונגען, די יידישע, פונקט ווי פאַראַיאָרן, פאַר־צוויי־טויזנט יאָרן,
גאָט איז ווייט און נאָענט, אַנטפּלעקונג און סוד — און אַנטפּלעקונג בלויז
וועט ער שוין קיינמאָל נישט ווערן — אויב ער איז ביז אַצינד נישט געוואָרן.

אומעט פליסט אין אונזערע אָדערן, אָן אַ ציל איז אַלץ אויף דער ערד,
און טאָקע, וויאַזוי זאָל צילן אַ נפש פון אַ בידנעם פּלאַנעט, ווי קען מען דאָס מאָנען?
אַז ציללאָז בלאָנדזשען דורך צייטלאָזע ליכט־יאָר־שטראָמען
זון־סיכטעמען קוואַדריליאָנען?

מיר ווייסן. הא? מיר ווייסן. דעריבער זיצן מיר אָט אַזוי און רייטן ווייטער.
די אויגן אָפן, די אויערן וואַך, די ליפּן עפנט קיינמאָל מער קיין פראַגע־צייכן.
ווי לאַנג עס איז באַשערט צו רייטן — לאָמיר מענלעך טראָגן דעם גורל,
נישט קוקן צוריק, נישט רעכטס, נישט לינקס, נישט אַראָפּ און אַפילו נישט אין די הייכן.

העי — ריר דיך קליאַטשע, גיי פאָרויס — כל זמן עס איז נאָך נישט אויס,
גיי קליאַטשע — עס וואַרט אויף דיר אַ ה׳ אין אַ סידור,
אויף דיר וואַרט אַ ה׳ — און אויף אונז וואַרט אַן אלף,
די אלף אין דער אייביקייט פון אונזערע לידער.



# הבדלה

אויף אַן אמת, ברידערל, האָסט נישט וואָס צו האָבן דאַ אַ טענה,
האָסט דאָך אַלץ אין לעבן אויסגעפּרוווט ביז דער פולער זעט,
ליבע געטרונקען נענוג, קינדער געהאַט, שלעכטס — און אפילו גוטס געטון,
געוועזן בוכהאַלטער, סאָלדאַט, לערער, סעקרעטאַר און אויך פּאָעט.

צו מענטשן — אָפט אַ הונט, נאָר צו חיות — אַלעמאָל אַ מענטש, אַ וועגעטאַריער,
אַ יושב אוהל, אַ פּחדן און אַ געוואַגטער וועלטן־פאָרער אין איין פּערזאָן,
אַ סאָציאַליסט, אין טיפסטן האַרץ אַ געטרייער ריטער פון דער רויטער פאָן,
נאָר צו מעשים — אַ פּחדן, און ס'לעבעניו זעלטן געשטעלט אין קאָן.

אויף דער לאַנקע פון דעם לעבנס נחת — כאָטש אַן שאָדן פון אַנדערע —
ביזטו אומגעפלוינן און פליסט נאָך אַלץ, זשומענדיק, גענישנדיק ווי אַ בין.
נאָר איצטער, אויף אַן אמת, ברידערל, שוין הויכע צייט אַ פּלי צו טון
אין דעם אומבאַקאַנטן, וואונדערלעכן, סודותדיק־איינוועניקן אַהין.

זויפיל איז דער שיעור דאָס לעבן אויסצופּריוון, איינמאָל מוז מען טון עס מיטן טויט,
זע, עס גייגט זיך שוין דיין לעבנס זון, טונק־און־טונקל־טונקעלער דער הימל בלויט,
גיי, איידער ס'ווערט אינגאַנצן פינצטער, הויב אויף מיט שטאָלץ דעם פולן לעבנס־בעכער,
זינג הבדלה, מוטיק אויף אַ קול: ברוך המבדיל צווישן לעבן און טויט —

## נאַקטורן, אָדער: דריי שורות אין דער פינצטער

איך האָב מיך פלוצלינג אויפגעכאַפּט אינמיטן נאַכט,
א הייסער דאָרשט געשרפ'עט האָט מיין אינגעווייד,
נישט פון היץ — נאָר פון ליכט א דאָרשט — —
עפּעס א וואונדערלעך ליכט האָט אין מיר געברענט.

און פון דעם ליכט האָבן אויף די ליפּן מיינע אין דער פינצטער אויפגעבליט
רייד
פון טיפסטן, ליכטיקן אינגעווייד,
א ליד.
א שטיל ליד —
נאָר אין דער נאַכט־איינזאַמקייט האָט עס געקלונגען ווי א ווילד געזאַנג.

כ'בין אויפגעשטאַנען
און ס'איז מיר איינגעפאַלן א געדאַנק,
אז כ'בין א נאַכט־וואַנדלער געוואָרן.
כ'האָב איבער מיין שטוב אין דער פינצטערניש ארומגעשפרייזט
און אָנגעשטויסן זיך אָן טיש און זיך געזעצט אין דער פינצטער צום טיש,
א שטיק פאַפּיר געפונען, א פען,
און אין דער פינצטערניש האָט זיך מיין דאָרשט אין ווערטער אויסגעלייזט.
ווערטער אָן געדאַנק.
און כ'האָב געוויינט, הייס, מינוטן־לאַנג.
און דאָס ליכט אין מיר האָט אויסגעגליט
און פאַרלאָשן געוואָרן,
אין כ'האָב מיך צוריקגעלייגט,
און אין בעט האָט אויף מיר א שטיינערנער שלאָף געוואַרט,
און כ'בין געשלאָפן לאַנג און האַרט.

און אויף צו מאָרגנס האָב איך אויף מיין טיש געזען,
אז אין דער נאַכט איז דאָ געווען ווער — —
איבער א ליד אין דער קווער

האָט עמיצער, דער אנדערער, אַן אנדער ליד געשריבן;
דריי שורות:

א דאנק דיר, מיין גאָט,
איינמאָל פאַר לעבן, פאַר טאָג, פאַר ברויט,
צווייטמאָל פאַר נאַכט און פאַר טויט.



## אויף אַ לוויה

אַ פריינט איז געשטאָרבן. געדיכטער ווערט דאָס שטאַרבן אַרום איינעם,
וואָס האָלט שוין אַריבער דעם האַלבן יאָרהונדערט לעבן.
אַפילו די שטערן פאַלן געדיכטער אין די האַרבסט־חדשים,
ווען אַלץ איז פול מיט צו דער נידער שוועבן.

אַ פריינט איז געשטאָרבן. איך בין געקומען באַגלייטן.
כ׳האָב אָפּגעדעקט זיין פּנים — אַ באַרויקטער איז ער געלעגן.
איך קוק און שווייג אָן טרערן. זעלטן קומט געוויין ווען מ׳איז אַרום די פופציק.
איך שמייכל אַפילו — און אויך דער טויטער שמייכלט מיט פאַרמאַכטע אויגן אנטקעגן.

נאָר וואָס מער איך קוק, אַלץ מער ווערט דער שמייכל פון מיין פריינט פאַרשוואונדן.
ער זיפצט — טיף — ווי איינער, וואָס ווערט שווער געקאַטעוועט,
ער עפנט די אויגן אַפילו, אַ שפּעלטל נאָר אַ שמאָלס, די ליפּן שוימען אָן ווערטער:
ראַטעוועט מיך — האָט רחמנות — ראַטעוועט.

און פּלוצלינג האָט אַ שרעק אַ ווירבלווינטיקע אַ ווילדן כאַפּ געטון די מחשבות מיינע:
— מענטשן, שטאַרבן איז נישט טויט — וואָס מיר רופן טויט־זיין איז נאָר אַ מין תּפיסה,
אַ שטומע, פינצטערע, גרויזאַמע תּפיסה, וואָס דויערט יאָרן מיליאָנען, מיליאָנען,
און נאָר ווייל אַ מוראדיקע תּפיסה — האָט נאָך קיינער פון טויט־זיין געבראַכט אונז גריסן.

און ווי פון זינען אַראָפּ האָב איך גענומען מורמלען צו זיך אַליין,
צו זיך, צו פריינט, צו גאָט און אַפילו צו די גאַנץ פרעמדע מענטשן דערנעבן:
— איינמאָל מוז עס געשען און כ׳האָב נישט קיין מורא פאַר טויט נאָכן טוים,
מורא האָב איך נאָר פאַר לעבן נאָכן לעבן..

# א האַרבסט־לוויה אין מיניאַטור

זום־זום־זום — — קוק דיך, מענטש, ארום. אַ אַסיענדיק פליגעלע אויף מיין האַרבסט־פענצטער]

זי זוכט אויף דער שויב די לעצטע שטראַלן אום.
אַך־אַך — — אַ אָסיענדיק בלאַט האָט פון ווייטן פאַרבלאָנדזשעט
און אַרויף אויפן פענצטער־ברעט און אנטשווינגן שטום.

און איך האָב מיך ארומגעקוקט און פאַרטראַכט אין דעם שטילן אָקטאָבער־פאַרנאַכט,
און פּלוצלינג הויך, אויף אַ קול זיך צערעדט:
(צום פליגעלע אויף דער פענצטער־שויב
און צום בלעטל אויפן פענצטער־פאַראַפּעט):

— ברודער בלאַט, דו שטומער און האַלב־טויטער,
וואָס נעלעבט האָסט אין ווייסן טאָג אריין,
צי ווייסטו כאָטש, אַז פון היינט ביז אייביק
וועסטו שוין קיינמאָל מער נישט זיין?

נעוועזן זענען בלעטער מילי־מיליאַסן
און מערער נאָך וועלן זיין,
נאָר דו, דו אַליין — דו ביזט שוין אַרויס,
און וועסט דאָ שוין קיינמאָל מער נישט אריין.

און איך דו שוועסטער־פליגעלע,
זיי שטיל אויף אַ רגעלע, זשומע נישט, הער,
נעוועזן פון דיין מין שוין מילי־מיליאַסן,
און זיין וועלן מילי־מיליאַסן נאָך מער.

נאָר דו, דו אַליין, מיט די פליגעלעך קליין,
מיט די פיסעלעך דיין, אָבער דיין,
מיט דעם קעפּעלע אַן אַ שום זין — אָבער דיין,
דו אַליין, אַליין וועסט שוין קיינמאָל מערער נישט זיין.

קוקט דאָס פליגעלע זיך אום, טוט אַ לעצטן זשום,
און שטעלט זיך אויפן בלעטל און דאָס בלעטל טוט אַ לעצטן רויש;
וויקל איך פון בלעטל אַ טרומנעלע אויס
און מאַך אַ לוויה — פון פענצטער צום קויש.

און פון דער לוויה צו מיין שרייבטיש צוריק,
און ביים שרייבטיש טיפער אריין אין זיך;
און איך טראַכט, אַז דער פליגעלע־זשום און דער בלעטל־פאַל
איז אַ מעשהלע מיט אַן אַלטער מאָראַל,
אַז די מילי־מיליאָסן איד'ן, וואָס געווען
און די מילי־מיליאָסן, וואָס וועלן זיין,
זענען ווי אַ פעדערל לייכט אויף דער וואָג,
ווען מען לייגט אויף דער אַנדערער זייט אַרויף
אַ פליגן־איך אויף אַ בלעטל פון היינטיקן טאָג.



## באַלאַדע וועגן דעם טויט פון אַן אַכציק־יעריקן מאַן —

צווישן מענטשן הונדערטער, אין שטעטיש־נאַכטיקן געדראַנג,
אין טימל, געשריי און אין ווילדן געיעג,
גייט אַן אַלטער, בערדיקער, גרויער, לייביקער מאַן,
און טראַכט שווער און לאַנגזאַם וועגן זיינע געשענקטע טעג.

טריט ביי טריט גייט ער, ס׳איז ניינצן־צוויי־און־פערציק
זינט יעזוס קריסטוס קומען אויף דער ערד,
און די צייטונגען לאַרמען, דער פּלאַנעט טאַנצט בלוטיק־ווילד פאָרויס,
נאָר נישט וועגן דעם האָט זיך אַזוי דער אַלטער מאַן פאַרקלערט.

אָפּגעשטאָרבן זענען אַלע נאָענטע אַרום אים, ווייב און קינדער, ברידער — אַלע,
און די אייניקלעך, זיי זענען פרעמד און ווייט — דער אַלטער גיט אַ קרעכץ,
זיינע ביינער טראַכטן וועגן זיין שטוב, זיין טיש און זיין בעט,
און אומשולדיק רעדט ער צו זיך: טו איך דען דאָ עמיץ עפּעס שלעכטס?

דער אַלטער האָט צו אָט דעם מעמד זיינען זיך שוין צוגעוואוינט,
פאַרגעסן — ווייסט ער — האָט ביי אים די צייט איר מאָס.
אַזוי טראַכט ער רויק. נאָר פּלוצלינג גיט ער זיך אַ קוק אַרום,
זעט ער דעם טויט אַליין — — ווערט ער בלייך און גיט אַ פרעג: פאַרוואָס?

פאַרוואָס ווילסטו מיך אָנכאַפּן ביי מיין אַלטן הדרת־פּנימדיקן קאָפּ,
און ווי אַ הונט־פּריטשעפּע מיך אַרויסקאָפּיען אין גאַס?
און שפּעטער גאָר אַריינוואַרפן דעם אַלטן, מידן גוף אין גרוב אַריין —
און דאָרט איז ווערימדיק און שטיקעדיק און האַרט צו ליגן און ס׳איז קאַלט און נאַס.

דער אַלטער איילט זיך, גייט גיכער צו זיך אין שטוב אַריין,
ער וויל אַנטלויפן און זיין וואָס גיכער מיט זיך אין זיינע איילן פיר,
נאָר אַזוי גיך ער האָט אַ צינד געטון דאָס ליכט, אַ קוק געטון אין שפּיגל, האָט ער שוין געזען,
אַז פאַרטיק איז די בראָך, עמיץ האָט אַריינגעשטופּט זיך דורך דער טיר.

און דער אַלטער מאַן, וואָס האָט אַזוי שוין צוגעוואוינט צום לעבן זיך,
ווי די זון צום טאָג און די לבנה צו דער נאַכט,
האָט מורא זיך צו לייגן אין בעט אריין — שפּאַנט ער אויף און אָפּ,
און אַזוי שפּאַנענדיק האָט ער די גאַנצע נאַכט אדורכגעוואַכט.

און ס'האָט אָן ווערטער זיך דער טויט מיט אַלטן מאַן
די גאַנצע נאַכט אין שטוב אַרומגעיאָגט,
און ווי נאָר ר'האָט זיך צוגעזעצט אַ רגע האָט ער אים אויף גיך דערשטיקט, דעם אַ'
איצט וואַשט ער זיך אין בעקן שוין די הענט — — און ס'טאָגט.



## צוועלף סטראָפן פול מיט רייד פון אַ חולה-מסוכן צו אַ מבקר-חולה

און די וואונדערסט דיך אַלץ, וואָס איך וויל נאָך נישט גיין,
נו וועל איך מיין הארץ פאַר דיר אויסטענהן:
ערשטנס — ווייל די זון, וואָס שיינט איצט אויף מיין בעט, און שיינט אַזוי שיין,
וועט מיט מיין אוועקגיין אינגאנצן אויפהערן צו שיינען.

און צווייטנס — וויל איך נישט גיין פון דער וועלט,
ווייל מיט מיר וועלן שטאַרבן אַלע שיינע פרויען,
און בלייבן אויף דער וועלט וועט גאַרנישט מיט נישט,
און דעם גאָרנישט מיט נישט קען איך די שיינע פרויען נישט פאַרטרויען.

און דריטנס — ווייל צום לעבן אַזוי לאַנג געוואוינט,
ווי וועל איך מיך קענען צום טויט־זיין געוואוינען?
דאָס לעבן האָב איך דאָך שוין אויף דער האַנט —
און אַז דער טויט וועט עס נעמען פון מיר — — צי קען דער טויט פאַר לעבן באַלוינען?

און פערטנס, פינפטנס, זעקסטנס און זיבעטנס,
כ'קען דיר געבן נישט זיבן — נאָר זיבנהונדערט טעמ'ען,
פאַרוואָס אַ מענטש וויל נישט גיין פון דער וועלט,
וואָכעדיקע טעמ'ען און טעמ'ען מיט גראַמען.

נאָר צוריקגעשמועסט, ווי קען מען האָבן טענות?
און כאָטש דאָס „לעבן" גראַמט זיך אַזוי שיין מיט „געבן",
איז עס דאָך נאָר אַן איינזייטיק גאָט־מענטש געשעפט,
און נעמען, נאָר נעמען איז אויף אַן אמת — לעבן.

און אַ שיינעם דאַנק דיר פאַר דער טרייסט, אַז מיטן לעבן
וועט דאָס שלעכטס אויך אוועק — אפילו וועלט־מלחמות,
ס'איז אַ וויץ נישט קיין שלעכטער — נאָר איך ווייס נישט פאַרוואָס,
פאַר מיר איז דאָס אויך, ביי גאָט, פון די קנאַפּע נחמות.

און ווייל איך האָב דאָ שוין גאָט דערמאָנט,
מוז איך נאָך איינמאָל אים באַלד דערמאָנען,
פאַרשטייסט? ס'איז דאָך קלאָר, אַז ווי לאַנג איך בין דאָ,
איז גאָט מיט מיר אויף דער וועלט פאַראַנען,

און אַז איך וועל שטאַרבן איז קיין ספק נישט,
אַז די וועלט וועט גיין — און גאָט אַן אַ וועלט איז פאַרלוירן — —
פון וואַנעט איך נעם עס? ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג,
זענען זיי דען נישט ביידע מיט מיר — גאָט און די וועלט — געוואָרן געבוירן?

דאָס בין איך דאָך דער, אַוודאי, מיין פריינט,
וואָס האַלט אויף גאָט אין זיין קראַנקן האַרץ און די וועלט אויף זיינע שוואַכע פּלייצעס —
ובכן רעד מיר גאָרנישט אוים און גאָרנישט איין,
און טרייסט מיך נישט און גיב מיר נישט קיין שום עצות.

און געדענק, אַז עס רוקט זיך אַ סכנה, גרויס ווי די וועלט אַליין,
אויף דיר און אויף מיר און טאַקע אויף דער וועלט, דער גאַנצער —
בעסער האַלט מיך ביי דער האַנט — ווייל עס פעלט מיר שוין אָטעם,
און ס'ציט מיך צוזאַמען אַ וואַרגנדיקער פּאַנצער.

צי פעלט דיר דען אויך נישט קיין אָטעם — מיין פריינט? שטאַרב איך טאַקע אַליין?
דו ביזט גאָרנישט דערשראָקן? ס'איז באמת אַ וואונדער —
ס'איז אַ גרויסע שעה, ס'גייט דאָך אונטער די וועלט,
ס'איז נישט נאָר איך, נאָר אויך דו גייסט דאָך אונטער.

ווייל צי דו לעבסט אויף אַן אמת — ווי קענסטו זיין זיכער?
און אויף זיכער לעבסטו נאָר אין מיינע געדאַנקען,
און מיט מיין אַוועקגיין וועסטו און די וועלט
און גאָט אפילו זיין מיטגעגאַנגען.



## לאָמיר זינגען אַ לויבליד אויפן זעלבסטמערדערס טון —
אין מעמאָריאַם סטעפאַן צווייג.

לאָמיר זינגען אַ לויבליד אויפן זעלבסטמערדערס טון,
און טרינקען אַ לחיים אויף זיין הימלישן געדאַנק,
לאָמיר זינגען אַ ליד, אַ ליד צו דער זון
ביי זונענאונטערגאַנג.

לאָמיר זינגען אַ לויבליד אויף אַ שטריק,
און אַ שיר השירים אויף אַ בעכער מיט סם,
און אַ ברכה לאָמיר מאַכן אויף דער הערלעכער בריק
פון וועלכער מען וואַרפט זיך אַריין אין ים.

און אַ שהחיינו אויף דער קליינער פּיסטויל,
מיטן געפּערלטן הענטל, געזילבערטן לויף,
און אַ ליבעס־ליד צו דער דינענקער קויל,
און אַ שיר אויף אַ קלינגל, וואָס אַן אָדער שניידט אויף.

און אַ הימנע אויף דעם דורכזיכטיקן גאַז,
וואָס מען אָטעמט עס איין — אָבער אָטעמט נישט אויס.
און אַ ליד אויך אויף אונזער היינטיקן ליד — — ווייל אַ בלוטיקער שפּאַס
אונז'רע לידער ביז היינט און אמת איז נאָר דאָס היינטיקע בלויז.

לאָמיר זינגען הויך, לאָמיר זינגען העכער, לאָמיר זינגען עס ווי זיין קו־קע־רע־קו
זינגט דערשראָקן דער האָן אין דער מיטן נאַכט — —
ס'איז אַ פּוסטע וועלט, ס'איז שוין קיינער מער, קיינער נישטאָ,
צו זאָגן, אַז מיר האָבן זיך בלוטיק נאַריש געמאַכט און מיט יאַשטשערס געלאַכט.

לאָמיר־זשע־זשע זינגען אַ ליד, אַ ליד אויף דעם גאַנצן אַרסענאַל,
מיט וועלכן מען פּאַרענדיקט מיט זיך, מיט זיך, די שלאַכטן־שלאַכט.
לחיים! — גרינגאָלדן און פריש שוימט אין בעכער די גאַל — —
גיט מאָרגן דיר — אמת, און דו ליגנט — גוט' נאַכט!

## וואָס ווילסטו, טויטער, עקלהאַפטער טויט —

וואָס ווילסטו, טויטער, עקלהאַפטער טויט פון אונז?
וואָס קריכסטו אונז נאָך אויף שריט און טריט?
אַרום אונז און אין אונז דאָס לעבן רוישט און פליט,
איבער אונז אין הימל די זונען־בלום גליט,
און דער הימל איז גרויס און בלוי און בליט
אזוי שיין —
וואָס ווילסטו פרעמדער קלעק?
ווי קומסטו אהער? ווי האָסטו דיך אריינגעשלייכט דורך א שפּאַלט פון א טיר?!
אוועק!

ביזט א פרעמדע, א מיאוסע פריטשעפּע אין אונזער חברותא,
העד דיך אויף פּלאָנטערן אונטער די פיס.
ווער האָט דיך אָנגעהעצט אויף אונז?
וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אונז?
וואָס רייסטו פון אונזערע הענט דאָס גוטע ברויט?
דאָס איז נישט פאַר דיר,
דו קענסט עס סיי־ווי־סיי נישט פרעסן,
משוגענער הונט דו — טויט.

דו קערסט דיך מיט אונז אינגאַנצן נישט אָן,
גיי אין דיין רו, אין דיין רו,
דו ביזט דאָ פרעמד — זאָג איך דיר —
פרעמד, צענטויזנט מאָל פרעמד
וואָס פליקסטו אזוי זשעדנע אונזער גוף אַרוים פון אונזער העמד?
בררר —
אוועק אין דיין רו, דיין בודע, גיי צו דיין קייט,
ריר אונז נישט אָן, אוועק דיינע לאַפּעס פון אונזער קלייד,
איך דערלויב דיר נישט אפילו לעקן אונזערע שיך —

הילף, ניכער גיך —
זע, פלעקן אויף אונזער קלייד,
רויט,
ער האָט שוין אָנגעביסן — ערגעץ דאָרט איז שוין אַ וואונד —
אוועק, שטינקענדיק שווארצער, קודלאטער, אומגעוואשענער הונט,
טשעפּעט אים אָפּ, דעם קלעפּיקן קלעפּ —
הילף —
אוועק, אוועק!



# מעריטירנדיק איבער מיין מעטריקע

נאכט איז, פארטאג באלד, כ'האב געענדיקט מיין ארבעט און גישטער אין אלטע פאפירן,
אלטע זכרונות — — און פלוצלינג האלט איך אין מיינע הענט
א פאפיר א פארגעלטס נאך פון יענעם יארהונדערט, מיין נאמען איז דייטלעך
דערויף אות ביי אות, און מיין שטעטל און דאס יאר. ס'איז דאך מיין געבורט־דאקומענט.

כ'גיב א קוק אין שויב, ס'איז נאך טיפע נאכט, כ'גיב א קוק אויף מיר
דורך א שפיגל־שויב — און נאכט איז נאך אויך אין מיין הארץ,
טו איך ווידער א קוק און איך טו א באריר פאר זיך דאס מאדנע שטיק פאפיר,
וואס איז לאנג שוין נישט ווייס — נישט די טינט דערויף שווארץ.

איך קוק און קוק און וואס מער איך קוק, אלץ ווייניקער און ווייניקער
פארשטייט מיין שכל, וואס עס איז דא אייגנטלעך געשען — —
באטש זעלטן דייטלעך אזוי זאגט א שטיק פאפיר,
וואס און ווען און וואו די דאזיקע מאדנע זאך, מיין געבורט, איז געווען.

איך לייג די הענט צום שטערן צו און טראכט און טראכט און טראכט:
פון אלע די מיליאסן שטובן, לענדער, שטעט און דערפער פון דער ערד
האט גאט איין שטעטעלע, מ יי ן שטעטעלע אויסגעקליבן — און דארטן
האט ער מיר, מיר אליין, דאס קומען אויף דער וועלט — אט די מאדנע זאך באשערט.

און פון מיליאסן יארן, חדשים, טעג און נעכט פון דער גאנצער, גאנצער צייט
האט ער אויסגעקליבן איינע א שפעט־נאוועמבער־נאכט,
און פונקט אין אט דער נאכט, אין א פארטאגעדיקער, ווינטיק־ווילדער ווינטער־שעה
האט ער מיך אויף דער וועלט געבראכט און נעזאגט: ביזט א מענטשעלע איינס, ביזט געמאכט,
[ביזט דא!

און פארוואס גראד מיך? איך בין דאך אוודאי אזוי שטיל ווי א פיש
ערגעץ דארט געלעגן מיט אלע נשמות מיליאסן ביינאנד. —
פונקט ווי אויף ד ע ר וועלט האב איך דאך אוודאי אויף י ע נ ע ר וועלט אויך
נישט געטשעפעט קיינמאל אפילו א פליג אויף דער וואנט.

און איך קוק און איך קוק און וואָס מער איך מעדיטיר איבער דעם פּאַפּיר,
אַלץ מערער רינגלט זיך און רינגלט ווי אַ רויך אַרום מיר די וועלט, און די ווענט
פון מיין שטוב דרייען זיך שוין טאַנצנדיק אַרום מיר, ווי שליטנס פון אַ קאַרוסעל,
און ס׳קרעכצט און שעפּטשעט ווי אַ לעבעדיקער דער אַלטער, פּאַפּירענער דאָקומענט.

נאָך אַמאָל: יעדע זאַך באַזונדערס שטימט, און יעדע באַזונדער איז לייכט צו פאַרשטיין —
די צייט? ס׳איז קלאָר. דאָס אָרט? אויך קלאָר. הייסט דאָס — ברענגט אַרויס מיין מויל —
אין איין אָטעם און זייער שטיל: איך? — אויך קלאָר. גאָר אַלץ צוזאַמען, אַלץ,
אין איין אָטעם אַלץ — פון דעם כאַפּט אַזש אָן אַ קאַלטע, נאַסע, משוגענע גרויל.

ווייל טאַקע, טאַקע וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך דען צו יענעם הארבסטיקן פאַרטאָג,
אין יענעם ווייטן שטעטל אין מיין אומענדלעך־גאָט־נאָענטער אייביקייט געהאַט?
און אַפילו אויך צו מיינע טאַטע־מאַמע? טאַקע, וואָס? ווער זענען זיי? און מאַכטלאָז פאַלט —
מיין קאָפּ — — און טרערן רינען, רינען מאַכטלאָז, שטיל אויף אַן אַלט־פאַרגעלטן בלאַט — —



# אַ זעלבסט-קוש מיט אַ ליד

## צו מיין פופציקסטן געבורטסטאָג

פונקט ווי הערלעך ס'איז די יוגנט — העסלעך איז די עלטער פון אַ מענטש,
עפעס מיאוסערס איז נישט אויף דער וועלט פאַראַן,
אפילו חיות אויף דער עלטער — קיין זאַך איז נישט אַזוי עקלהאַפט,
ווי אַן אַלטע פרוי, אָדער אַן אַלטער מאַן.

יעדע אַלטע זאַך האָט דאָך אויף דער וועלט איר פלאַץ,
מעג זי זיין רעאַל, מעג זי זיין אַבסטראַקט;
יעדע זאַך — צי גאָט אליין האָט שאַפן זי געוואָלט,
צי אַ מענטש גאָר שאַפן זי געוואַגט.

יעדע אַלטע זאַך, יעדע מין באַשעפעניש, דער עיקר אָבער — זאַך,
מעג זי זיין אַבסטראַקט, מעג זי זיין רעאַל.
אָט איז אַן אַלטער בוים, זע זיין מאַיעסטאַט,
כאָטש זיין שטאַם איז פול מיט פרוכנע פון פונאַנדערפאַל.

און אָט ליגט גאָר פאַר מיר אַן אַלטער ספר דאָ,
ווי וואונדערלעך, פאַרשיכורנדיק איז שוין פון ווייטן אַלטן ספרס מאָרשנערוך.
ערשט, אַז דו פרוווסט צו עפענען און לייענען פון די בלעטער גאָר —
איז דען פאַראַנען שענערס ווי מחשבות פון אַן אַלטן בוך?

אָט שטייט אַ הויז אַן אַלטס פאַר מיינע אויגן דאָ,
זיינע פענצטער קוקן פול מיט חכמה שוין אַראָפ צו דר'ערד,
אפילו זיינע שטומע שטיינער מורמלען שטיל, געלאַסן,
אין זיך געקערט און טיף פאַרקלערט.

און אַזוי מיט יעדער זאַך דאָ אויף דער ערד,
און אַזוי מיט יעדן אַלטן שטערן אין דער אַלטער הייך.
אַלטקייט מאַכט אַלץ שיין — אַלטקייט מאַכט אַלץ טיף,
פשטיתדיק דערהויבן, מיט נשמהדיקער שיינקייט רייך.

נאָר דער מענטש דער אַלטער לאָזט זיך באַלד אויף אַלע פיר קוויטשענדיק אַראָפּ,
און ווי אַ חזיר נישטערט ער נאָך אַביסל לעבן באַלד אין יערן מיסט,
אָט לאַכט ער און אָט וויינט ער, און ער ווייסט נישט מער אויף וואָסער וועלט ער איז,
שעה־איין שעה־אויס ווי אין קדחת בייט ער זיך פון אָפּטימיסט אויף פּעסימיסט.

יאָ, העסלעך איז די עלטער פון דער קרוין פון דער יצירה, פון דעם מענטש,
אוי!
קיין זאַך אויף דער וועלט איז נישט עקלהאַפט אַזוי,
ווי אַן אַלטער מאַן, ווי אַן אַלטע פרוי.

27טן נאָיעמבער 1943.



# משה

**12טן אָקטאָבער 1892 — 29טן מערץ 1921**

ס'איז יום־טוב היינט אין אונזער קליינער, טרויריקער משפּחה,
ס'איז געוואָרן פופציק יאָר זינט משה, אונזער בכור,
איז אין צאַנגען געבוירן געוואָרן. דריי ברידער זענען מיר געוועזן,
צוויי זענען מיר היינט — שוין איבער איין און צוואַנציק יאָר.

פאַרנעפּלט לאַנג און ווייט זינט משה איז אוועק — אליין נאָך זיך
פאַרקלאַפּנדיק די טיר. און פאַרקלאַפּנדיק, דורך זיין פאַרשלאָסן מויל
קיין געזעגן־וואָרט אַפילו נישט אַרויסגעזאָגט
און אַריינגעשאָסן זיך אין האַרץ אַ קויל.

היינט איז ער שוין דער יינגסטער צווישן זיינע ברידער, אַלטע יידן,
אַן אַכט־און־צוואַנציקער, אַ שלאַנקער יונג מיט שטאָלצן בליק.
און לאַנג ווייסט ער די סוד־באַשיידונג שוין. ער האָט זי וויסן שטאַרק געוואָלט.
און אויב נשמות קערן צו דער וועלט זיך אום, איז זיינע לאַנג שוין דאָ צוריק.

ער איז בסדר דאָ מיט אונז, אין אונזער קליינער, טרויריקער משפּחה.
אים אַ דאַנק איז אונזער טאַטע איינגעשטאָרבן אין פאַרטאָג, אַ שטילע טויב,
פיר וואָכן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער האָט דעם טאַטנס מידן גייסט
אָפּגעוואָרט צו יציאת נשמה. די מאַמע האָט אַליין געזען אים אין דער פענצטער־שויב.

און אַז די נאַציס האָבן, פיר וואָכן נאָכן טאַטנס טויט, געלאָזט זיך אין אַ ווילד געיעג
נאָך אַלע מאַמעס יידישע, ווי די רייטערס די אַפּאָקאַליפּטישע, די פיר,
איז אונזער מאַמע איבער שלאַכטפעלדער אַליין געלאָפן, ווי אַן אַלטע, מידע הערשין;
איז דעמאָלט אונזער ברודער משה כסדר נאָכגעפלויגן מיט אַ טרייסט נאָך איר.

ווען אונזער ברודער משה איז קיין ארץ ישראל אַנטשלאָפן און אַליין אוועק,
צו ראַטעיוען די וועלט דורך אונזער פאָלק — און אונזער פאָלק פון פאַלנדיקע וועלטן־ווענט,
איז אונזער יינגסטער ברודער הערץ אַ קינד געוועזן נאָך אַ נאַרנישט־וויסנדיקס.
און אין אונזער עלטסטן ברודער האָט שוין דעמאָלט די נשמה ווי דער סנה געברענט.

גאָט אַליין האָט פאַר דעם פלאַם פון דער נשמה זיך דערשראָקן און געלאָזט זי ברענען
און זי האָט אויסגעברענט. און איר גוף האָט אונזער ברודער שוין אַליין צעשמערט — —
און היינט איז יום־טוב אין אונזער קליינער, טרויריקער משפחה,
ס׳איז געוואָרן פופציק יאָר זינט אונזער בכור געקומען איז צוגיין אויף דר׳ערד.

אין אונזער טרויעריקער משפחה געוועזן איז ער ווי אַ יום־כיפור־ליכט, אַ ליכט פון טרויער,
מיר זענען יידן פשוטע, יושבי אוהל, שרייבער, און ער — אַ פרינץ פון גייסט און מוט.
האָט ער געבלאָנזשעט צווישן אונז נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר, ביז ער האָט אומגעקערט
צום גילגול זיך צוריק אויף זעלבן וועג, ווי ר׳איז געקומען: אייזן, בלוט.

און אויפגערודערט די געבליבענע האָט ער ווי מיט אַ פליגל־ריר פון וועלטן אַנדערע.
אפשר איז משיח ער געווען און איינגעזען, אַז די וועלט איז נאָך נישט גרייט,
און אפשר איז ער ווידער דאָ שוין ערגעץ צווישן אונז — משה׳ס גילגול אייביקער —
וואָרום אפשר איז איצט זיין גרויסע, צווייטע צייט.

ס׳איז יום־טוב היינט, יובל אין אונזער קליינער, טרויריקער משפחה, צעזייט
אויף דער ערד און אונטער דער ערד, אין אַלע וועלט־עקן פיר;
זענען מיר זיך אַלע צונויפגעפלויגן צום יובל, איבער אונזערע פנימער רינען טרערן,
און מיר טרינקען אַ לחיים פון טרערן און פלאַטערן אַ טאַנץ
אין אָט אָ דעם ליד, אויף אָט אָ דעם ווייסן בויגן פּאַפּיר.

12טן אָקטאָבער 1942.



## דרייצן סטראָפֿן

**13טן דעצעמבער 1895 — 13 יוני 1944**

אין דעקעס איינגעהילט — אין אַ בעט בין איך געשלאָפֿן,
און אַפּילו אין חלום געלעבט — געוואָרפֿן זיך און זיך איבערגעקערט.
דו ליגסט גלייך, איינגעהילט אין אייביקער רו און אייביקער ערד.

און אַט בין איך אויפגעשטאַנען,
און עס שפּאַרט אין מיר ענערגיע און טאַט.
דו טוליעסט דיך צו דער ערד — אַן אָראָפּגעפאַלן בלאַט.

ס'איז פֿרי. כ'האָב אָנגעביסן, געגעסן און געטרונקען
פֿרוכט און מילך און ברויט.
ביי דיין מויל זויגן שרצים פֿון טויט.

איך האָב צו פֿריינט גערעדט, געשטיפט אַפֿילו, ס'האָט אָבער
מיין מויל זיך פֿלוצלינג פֿאַרקרימט מיט געוויין.
דו ביזט אַפֿילו מער נישט שטום, ביזט ערד, ביזט שטיין.

מיינע הענט ליגן מאַכטלאָז פֿאַר מיר אויפֿן טיש, אין מיין טרויער,
און כ'זע ווי דאָס בלוט אין זיי פּולסירט אַזוי גיך ווי אַ שטראַל,
דיין בלוט איז וואַסער ווידער און אַלע וואַסערן גייען צוריק צום קוואַל.

מיין מוח און מיין האַרץ ווערן פֿול און פֿולער
מיט נאָטזוכנדיקן געדאַנקען־גאַנג.
דיין מוח און דיין האַרץ זענען ווידער איין געדאַנק, אור־געדאַנק.

איך בין נאָך פֿאָרם. מאָדוס. מאָדוס איז פֿול מיט באַוועגונג,
זוכט רוים פֿאַר באַוועגונג און פֿאַר טרויער —- טרייסט.
דו ביזט ווידער אָנהויב. אָנהויב איז איינס. איינס גוף און גייסט.

כאָטש אין טרויער נאָך דיר, דאָך אין אומבאַוואוסטזיין
שטרעקט די האַנט זיך שוין ווידער צו נדבה פֿון גליק.
נאָר עס דאַרף נישט קיין גליק — וואָס ווידער איז דאָס אַבסאָלוטע זיין צוריק.

און כאָטש איך באַנעם מיך דאָ ווי אַ מענטש, וואָס צו טויט איז ער גליייכגילטיק,
דאָך ציטערט אַלץ אין מיר פאַר דער קרום־קלינג פון לעצטן עשאַפאָט.
דו ביזט שוין אינגאַנצן אויף יענער זייט — אינגאַנצן אויף דער זייט פון גאָט.

נאָר דאָס איז דאָך אַלץ פאָרט נאָר פילאָזאָפיע
אביסל פון אַ קליין מענטשעלע בלויז.
דער אמת איז האַרט, העסלעך און געמיין: איך בין און דו ביזט אויס.

און כאָטש אין דער תורה פון סובסטאַנץ גלויב איך מיט בענעדיקט דע ספינאָזאַ,
און זי איז דאָ אין מיין גייסט און בלוט,
ווייס איך אָבער, אז דער ערשטער און צווייטער אַטריבוט

זענען אין דער אמתן נישט אויסשפּרייטונג אייביקע און געדאַנקלעכקייט אייביקע,
נאָר די צוויי אַטריבוטן פון סובסטאַנץ — וואָס איז וועלט —
זענען אייביקע פינצטערניש און אייביקע קעלט.

און דו — מיין געשטאָרבענע געליבטע —
ביזט ווידער אַ שטיק הפקר, פון קיינעם נישט באַוואַכט,
אין אייביקן ווינטער און אין אייביקער נאַכט.



## אַזוי זאָג איך קדיש צום יאָרצייט פון מיין טאַטן:

און אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן און די שבעה־טעג זענען שוין אוועק,
האָט זיך די מאַמע אונזערע פון שבעה־בענקעלע אויפגעשטעלט
צו שרייבן דריי בריוו צו די זין; איינעם קיין צפון, איינעם קיין דרום
און איינעם אויף יענער וועלט.

צו אַלע דריי האָט זי אין זעלבן נוסח פשוט און פּראָסט ווי אַ ליד געשריבן:
— און וויאַזוי דער קראַנקער טאַטע האָט זי אַ רוף געטון אין מיטן דער נאַכט;
און וויאַזוי ער האָט דעם טויט־קראַנקן קאָפּ אויף איר'ע אַקסלען אָנגעשפּאַרט,
און שטיל ווי אַ קראַנקער, געפאַלענער פויגל די שוואַרצע אויגן אויף אייביק פאַרמאַכט.

און נאָך האָט זי געשריבן: — — און וויאַזוי זי האָט דעם טאַטנס קאָפּ פון אַקסל אירן
אַראָפּגענומען און אויפן קישן געלייגט, און ווי וואָרעם ס'איז געווען זיין טויטע הויט,
און די געקרייזלטע האָר אויפן קאָפּ, וואָס זי האָט אַזוי ליב געהאַט, נאָך נישט אינגאַנצן גרוי,
און ווי זיי האָבן אַלץ זיך נאָך געקרייזלט דין ווי זייד אַפילו נאָכן טויט.

די מאַמע אונזערע איז אַ שווייגנדיקע, גרויסע דיכטערין,
און ווייסט אַפילו נישט, אַז זי פאַרמאָגט אַזאַ מין הימלישן טאַלענט.
און גרויס איז זי ווייל נאָר אין דער נשמה און אין האַרץ איז זי אַ דיכטערין,
און מיר — די זין אירע — זענען שרייבער נאָר מיט פעדערן אין הענט —

אָבער צוריק צו די בריוו: און נישט אין זעלבן נוסח האָט די מאַמע די בריוו געענדיקט;
אונז, די אויף דער ערד, דעם איינעם אין צפון און דעם איינעם אין דרום, אונז צוויי
האָט זי געהייסן אייביק דעם טאַטנס נאָמען האַלטן הייליק און שיין,
און דעם אויף יענער וועלט: און איצט מיין זון, נעם אים אויף ווי ס'פּאַסט אַ זון, וואָס איז
[געטריי.

אָט אַזוי האָט די מאַמע צעשיקט נאָכן טאַטנס טויט דריי בריוו צו איר דריי זין,
קיין צפון איינעם און דעם צווייטן קיין דרום פון דעם שטיק אומעט, וואָס רופט זיך ערד.
און דעם דריטן בריוו אויף דער אמתער וועלט. און פּינקטלעך האָבן די זין די בריוו באַקומען,
די קעפּ געבויגן און לאַנג אין דער וועלט־נאַכט פון זייער געליבטן טאַטן געקלערט.

# ליבע אין אַ צווייטן וועלט-קריג

עס הודיעט די שטאָט, די זומערנאַכט ברענט, צייטונגען פּלאַטערן אין אַלע הענט:
פּייגל מיט שטורעם־בשורות. — די אויטאָס יאָגן גיך — —
ביים ראַנד פון אַ גאָרטן, ביים ראַנד פון אַ לעבן
זענען שטום געזעסן, מיין פריינדין און איך.

פון הינטער אַ באַרג איז אַרויס די לבנה, אַ משוגענע כלה,
אין מיטן דערינען אין ווייסע וואָלקנס פאַרהילט...
אויף אַ דאַך אַנטקעגן דער משוגענער כלה, דער ווייסער,
האָט געצוקט און געבלוטיקט און אומזיסט זיך געריסן אַ פּאַרגעסן רעקלאַמע־שילד.

מיר שווייגן און געדענקען, אַז נישט ווייט דאָ פון אונז
וואַרפט זיך ווילד אין זיין שלאָף דער אַטלאַנטישער ים,
און וואַסער־געשפּענסטער, מיף־שיפן וועקן אים, וועקן כסדר,
און ער שרייט עס־אָ־עס אין אַ ראַדיאָ־גראַם.

און ווייטער ערגעץ אַ פּאָר טויזנט מייל,
שטייט אייראָפּע — דאָס גרויסע טויטן־בעט.
און עס רייסן פון דעם בעט זיך פינצטערע, חרובע טורעמס, ווי הענט
צום פינצטערן, חרובן גאָט — מיט געבעט.

און איך קוק אַלץ צום גראָז און אויך דאָס גראָז צוקט רויט,
און מיין פריינדין האָט אויך צו דער ערד געקוקט.
איין העלפט פון איר פּנים — לבנה־ליכט,
און די צווייטע פלאַמט און צוקט.

און פּלוצלינג רעד איך, נאָר עס קלינגט מיין וואָרט,
צו אונז ביידע אַזוי פרעמד, אַזוי ווייט, אַזוי הויל,
אַזוי ווי נישט איך וואָלט אַליין גערעדט,
אָדער איך — נאָר מיט עמיצנס אַ פרעמדן מויל:

— פריינדין, זאָג איך, ס'איז דאָ נאָך אַ וועג,
ס'איז דאָ נאָך אַ לעצטער קוואַל פון מוט —
מיר'ן שטאַרבן צוזאַמען, אַז אַלץ וועט זיין שלעכט — —
און זי ענטפערט שטיל: און לעבן — אַז אַלץ וועט זיין גוט.

# אַ ב ר י ו ו

. . . און אַ דאַנק דיר, וואָס דו ביזט בכלל געבוירן געוואָרן,
און אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט צו מיר,
און ערשט אין מיין לעבנס טיפן נאָכמיטאָג,
און נישט פריער.

און אַ דאַנק, וואָס כאָטש גלויבן אין וועלט און אין מענטשן
פילט — גוטע — דיך אויס ווי אַן אומענדלעכע ליד,
ביזטו אָבער פשוט פון אָט אַ דעם גלויבן
שוין אָביסל מיד.

און עס פעלט דיר אַן אַקסל דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן אַן אים,
ווען פלוצלינג באַפאַלט דיך אַ כוואַליע געוויין;
און אויך מיר פעלט אַ קאָפּ אַזאַ, אויגן אַזעלכע,
וואָס זעען און ווילן פאַרשטיין.

איז אַ דאַנק דיר — ווייל ליבע — וואָס איז דען די ליבע?
איר נאָמען, דער ריינסטער איז דאַנקבאַרקייט.
אַ דאַנק דיר פאַר דער סעודה, דער שטילער, וואָס דו האָסט
און מען בינדט זיי אין אַ בוך — און אַ בוך איז אויך פלאַך.

אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק — דריימאָל און דרייטויזנט,
פאַר קומען צו מיר, פאַר בלאָנדזשען אַ סך, פאַר בענקען — נאָך מער.
שפּאַר אָן דעם קאָפּ אָן מיין אַקסל און קוק מיר טיף אין די אויגן,
זיי וועלן דיר אויסשווייגן אַלץ, וואָס איך קלער.

און קלערן, קלער איך אַ סך, אַ סך; פון דיר און פון מיר, לעבן און טויט. —
פאַרנאַכט איז, שוין דרימלען די גראָזן, דער ווינט האָט זיי איינגעוויגט שוין, און קריאת־שמע
[זאָגט שוין דער בוים,
שוין טוליען אין הימל זיך שטערנדלעך נענטער און נענטער,
דיין נשמהס שוועסטערלעך, גוטע, אין טיפן, אומענדלעכן רוים.

אַ דאַנק דיר, דו בעסטע, אַ דאַנק דיר, וואָס דו ביזט דאָ אויף דער וועלט,
און אוואַי אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט צו מיר,
און ניי נישט אוועק מער, אַז דו ביזט שוין דאָ. סײַדן — נאָך מיר,
און נישט פֿרי׳ר.



פֿאַר דײַן שטילער ליבע, אַ ליבע אָן טענות,
און גוט, און פּשוט — ווי ברויט,
וואָס קען איך דיר געבן, איצט, אין מײַנע יאָרן?
עס איז מיר דאָך מער נישט געבליבן ווי טויט.

מײַן לעבן פֿאַרביי שוין פֿאַר מיר, אַ ווײַטע קאַראַוואַנע;
די גליק־יאָרן — שיפֿן, געזונקען צום דנאָ פֿון מײַן ים;
שוין לעבן מײַנע דורות זייער אייגן לעבן,
מײַנע צווײַגן זענען שוין ביימער אַליין — אַוועק פֿון שטאַם.

פֿאַר דײַן שטילער ליבע, שטיל, פּשוט, אָן טענות,
ווי אַ פֿאָלקס־ליד אין אַט דער איינזאַמער שפּראַך,
וואָלט איך געבן געדאַרפֿט אַ לעבן — יאָ, אַ לעבן.
אָבער נישטאָ שוין. איך האָב שוין געגעבן לעבנס אַ סך.

אַט דאָס איז דער חשבון. אויך דער חשבון איז פּשוט,
ווי איינס און איינס — צוויי, צוויי און צוויי — פֿיר.

זי האָט אויפֿגעהויבן צו מיר אירע אויגן.
זי האָט אַלץ געוואוסט פֿריער — און געבליבן מיט מיר.



# א ליד — שלעכט אָדער גוט — אַ זאַך — מיט איין אַטריבוט — פּלאַך

(אַ ליד פאַר מענטשן פון לידער־פאַך —— און אויך זיי וועלן נישט אַלע פאַרשטיין!)

וואָס איז דען אַ ליד? אַ פלאַך שטיק פּאַפּיר
באַפּינטלט מיט אותיות אָן אַ שיעור,
און אָפט נעמט מען אַזעלכענע לידער אַ סך
און מען בינדט זיי אין אַ בוך — און אַ בוך איז אויך פלאַך.

און דאָס לעבן, וואָס ליד באַזינגט, איז בולט און האָט פאַרמען אָן אַ שיעור,
האָט קלאַנג און באַוועגונג, און עס איז אין דיר און עס איז אויסער דיר,
אַמאָל קאַנקלאַוו ווי אַ טיפער טאָל און אַמאָל קאָנוועקס ווי אַ פעלזן־שפּיץ,
און עס שטראָמט ווי ניאַגאַראַ, און עס קלינגט ווי דונער, און עס שפּריצט מיט ליכט ווי בליץ.

און דאָך איז די וועלט — אויף איר אַ שוואַרץ יאָר,
אַזוי שוין געמאַכט, אַז פאַרגענגלעך און נאָכאַמאָל פאַרגענגלעך איז די לעבעדיקע וואָר,
און אַ ליד — בלויז אַ שטיקל פּאַפּיר, אַזוי ביינערלאָז ווייך און דערצו אַזוי פלאַך,
איז דווקא אַן אייביקע און אַ דויערנדיקע זאַך.

און אַליץ, וואָס איז בולט, האָט באַוועגונג אין זיך און אַרום זיך פיזיק,
קען נאָר דעמאָלט ווערן אייביק, ווען עס ווערט אויף אַ שטיק
פון אַ פלאַך־ווייך פּאַפּיר „פאַראייביקט" אין אַ ליד —— ——
איז עס נישט צום פלאַצן? —— און די בולטקייט, אַרום וועלכער דו האָסט דיין לעבן אָפּגעמיט,

ווערט אויסגעגלייכט, אויסנעווייכט, אויסגעפלאַכט אויף פּאַפּיר —— ——
און ערשט דעמאָלט קען עס שוין לעבן יאָרן אָן אַ שיעור.
משמעות, אַז גאָט־וועלט־מענטש, אָט אַ די אָ דריי־אייניקע זאַך
האָט ליב אין דער פלאַך צו פאַרגיין. און וואָס קען שוין זיין פלאַכער, ווי אַ ליד איז פלאַך.

## זיי ליגן אויפן טיש — מיינע לידער — —

זיי ליגן אויף מיין טיש, מיינע לידער,
סאָרטירט און פאַרבונדן אין פּעק,
און זיי דרימלען אויך אין די ווינקלען
פון נישט איין ביבליאָטעק.

און איך האָב זיי — — פיינט, מיינע לידער,
און נישט נאָר מיינע, נאָר בכלל.
און אַז איך ריר זיי אָן מיט די ליפּן,
איז ווי איך וואָלט געלעקט אַ גאַל.

ווייל אַז זיי קומען אויף מיינע ליפּן,
פיל איך ערשט די ביטערניש
פון דער מאַכטלאָזיקייט פון די לידער —
אָט — פּעק פּאַפּיר אויף אַ טיש.

איך בין גאָרנישט, נאָר ווען איך וואָלט אפילו געוועזן
דער פּאָעט פון פּאָעטן פון דער ערד,
און געשריבן די לידער, די בעסטע,
לידער מיט אַ הימלישן ווערט,

וואָלט דאָס נישט נאָר די וועלט נישט געביטן,
נאָר אפילו נישט קיין איין געמיט;
ווי אַ פּישטש פון אַ פויגל אין דער לופט,
אַזאַ מאַכט האָט דעם דיכטערס ליד.

נו, קוקט מען זיך אום אויף אַ פויגל?
סיידן ער לאָזט אויפן קאָפּ דיר אַ פלעק;
דעמאָלט — שעלט מען אים אין זיין פויגלישן טאַטן
און מען ווישט דעם פלעק אַוועק.

און אַלץ בלייבט ווידערביים אַלטן,
און דאָס אַלטע איז שלעכט ווי סם,
און דו פּאַראַדירסט אין דיין לעטניק,
באַפּוצט מיט דיין גראַם און שטראַם.

נו שטעל דיר שוין פאָר ביזט ישעיה, ביזט דאַנטע,
ביזט שעקספּיר, ביזט פּרץ און ווער נישט — —
האָט זיך רעדן זייער וואָרט, זייער ליכט, זייער זון
אין דער וועלט־פינצטערניש אַריינגעמישט?

האָט עס די וועלט־נאַכט צעטריבן?
צי דעם מענטש געמילדערט אויף אַ האָר?
איז וואָזשע ווילסטו מיט דיין פּישטשען
צון אַלדי שוואַרצע יאָר?

איז ליגן זיי אויפן טיש — אונזערע לידער,
סאָרטירטע אין ביכער, געבונדענע אין פּעק,
און מיר ווילט זיך שפּייען אויף אַלע זיי — קלעק,
און ציִשן דורך די ציינער איין וואָרט: — — —



# טראַגיקאָמישע באַלאַדע וועגן דריי יידישע דיכטער פון ניו-יאָרק, וואָס
# זענען אינמיטן צווייטן וועלט-קריג אַנטלאָפן אויף דער לבנה

ראובן, שמעון, לוי — אחים, דריי יידן, דריי דיכטער זענען זיי געוועזן אין אַמעריקע.
מיד פון מענטשן באַוויינען, זיך באַקלאָגן און ביי געטער מאָנען,
האָבן זיי באַשלאָסן אויף אַ שטילער, שטילער דאַטשע אַפּצופליען —
וואוזשע פליט מען? זענען אַלע דריי אַרויף אויף דער לבנה.

און־בראַט מיט איר פון לאַנג, וועלן דאָ זיי איבערוואַרטן
די בייזע וועלט־מלחמה בית. דאָ אין רויקן פון־ווייטן
וועלן זיי זיך צוקוקן, אָבסערווירן, לידערירן, די צווישן־יובל־יאָרן
איבערשטופּן און וואַרטן אויפן גרייטן.

עפּעס מוז דאָך סוף־סוף ווערן דאָרטן — טראַכטן זיי —
מיט דער שיינער, אוי ווי שיינער, וועלט דאָרט אונטן.
אייביק לעבן קען — נאָך אַלע זאַכן — נישט אַ וועלט
בלויז פון האַס, רציחה, טויט און בלוט און וואונדן.

און אויך דער יידן־האַס, דער אייביקער, ווי דער סמבטיון רוען מוז פון צייט צו צייט,
אַזוי לערנען דאָך בפירוש גרעץ און אויך דובנאָוו אין זייערע געשיכטן.
און וואָס לבן־הארמי, המן, טיטוס, טאָרקוועמאַדאַ האָבן נישט געקענט צעשטערן,
וועט שוין קיינער קיינמאָל נישט פאַרניכטן.

אָנגעפלויגן אויבן — ראובן, שמעון, לוי — אחים־דיכטער,
איז אָבער ליידער קיינער נישט אַרויס זיי ווי געהעריק צו באַערן,
קיין שום קולטורעלע קאָמיטעטן. — מילא... און נאָר געטלעך־שטומע
ייטן בערג און שורות פון פאַרלאָשענע קראַטערן.
גאַנץ מאָדנע קוקט די ערד אויס פון אַזוי הויך אויבן,
מעטאַפאָריש: ווי אַן אויפגעמאַכטער ריזן־שירם פון בלויער זייד און אָן שום דראָטן.
אַזוי זעט אויס די ערד ביינאַכט נאַטירלעך, זעלבסטפאַרשטענדלעך;
און ביימאָג? אַ רעדל בלויז — אַ ריזעדיקער שירעם־שאָטן.

זעצן זיך די דיכטער קודם אויס און טייטלען יידישלעך אראָפּ מיט אַלע דרייסיק פינגער,
און טייטשן, טייטשן. און וויפיל ס'ארבעט נישט ביי זיי דער קאָפּ און די פאַנטאַזיע —
שווער איז אויף דעם ריזן־שירעם צו דערקענען פּינקטלעך
וואו עס איז אַמעריקע די נייע היים, און אייראָפּע — זייער אַלטע היים, און די אור־היים אזיע.
און די מענטשהייט האָט דערווייל זיך דאָרט ארומגעריסן,

און נעטאַנצט אַ בלוטיקן קאַדריל אויף אַלע פינעף קאָנטינענטן,
יאָר־אריין און יאָר־אויס,
יאָרצענטן.

יאָרצענטן איז דער בייזער וועלט־קריג דאָרטן אָנגעגאַנגען,
דער קריג, דער אחרית־ימים־קריג, וואָס די דריי דיכטער ווילן איבערוואַרטן —
ביי דרייהונדערט גראַדן היץ בייטאָג, דרייהונדערט — קעלט ביינאַכט — —
און שלאָפן שלאָפט זיך שווער אויף נאַקעטן לבנה־פעלז, אויף הארטן.

נאָר אַלץ נאָך בעסער דאָ, ווי דאָרטן אונטן — — זאָגן די דריי יידן־דיכטער,
זאָגן — וואַרטנדיק געדולדיק,
אַז שאַלן זאָל דער שופר של משיח און ס'זאָל די וועלט אַליין פון זיך על חטא זיך שלאָגן,
און יאָמערן, אַז נישט יידן, נאָר די גוים זענען אין דעם אַלעם שולדיק.

נאָר ביז דאַן — — דער וועלט־קריג גייט און גייט און נעמט קיין סוף נישט,
רייבן זיך די דיכטער ווי מיט ריבאייזנס די שטערנס מיט די הענט און קלערן:
וואָלטן זיי ווי נח כאָטש אַ טייבעלע געהאַט אויף דער לבנה,
זיי וואָלטן עס אַראָפּגעשיקט, געוואָרן צו ווערן.

און פון דער וויטן, אונטן — שווינגט די ערד, דאָס רעטעניש, דער אויפגעפּראַלטער שירעם,
ווייס ביינאַכט און גרוי בייטאָג און... שטיל, אַזש ס'קלינגט אין אויער — —
און עס מורמלען ווי משוגענע די דיכטער דריי, די אַנטלאָפענע נביאים,
מורמלען שטיל מיט נאַכטן־פּחד און לבנה־טרויער.

מורמלען, ווי געדאַווענט וואָלטן זיי, און האָבן מורא זיך פון אָרט צו רירן.
איין ריר, איין קרומער, טראַכטן זיי, און קענסט אַראָפּ באַלד פאָרן,
ווי פון אַ שלעכטער בוידעם־לייטער. — און דער גרויסער זייגער צייט — גייט און גייט,
טאָג־איין, טאָג־אויס, ערד־איין, ערד־אויס, און יאָרן, יאָרן, יאָרן.

זאָגט איינמאָל אין אַן אָוונט לוי, דער יינגסטער פון די דריי פּאָעטן,
צו שמעונען, און שמעון כאַפּט זיך אויף פון דרימל, ווי עס וואָלט געטון אַ ברי אים:
— ווייסט שמעון, מיר דאַכט זיך, אַז מיר האָבן אָפּגעטון אַ נאַרישקייט,
אַנטלויפן איז פּאַסקודנע פאַר אייניקלעך פון יידישע נביאים.

און שמעון הערט און עפּעס רופט אויך אין זיין נשמה — און גיט צו פון זיך:
— אַנטלויפן יאָק אַנטלויפן, אַמעריקע איז פריי און ס'קען אונז קיינער שטערן.

נאָר אַנטלויפן דעמאָלט פּונקט, ווען אונזער זיידנס ישעיהס וואָרט
האַלט ביים מקוים ווערן.

איז מילד געווען — נו מילא — און ביכער פון אזעלכע לייט
זענען טאַקע נישט מער ווערט ווי ס'פייער פון אַ שייטער...
— פּע! — כאַפּט זיך ראובן אויף, דער עלטסטער פון די אחים,
און שווער דרייט ער אין שלאָף זיך איבער אויף דער זייט, דער צווייטער.

און די צייט, וואָס גייט, קומט אָן צו אַלץ, און ס'האָט די ערד זיך אויסגעניכטערט,
און אַלע פעלקער אויף דער ערד זיך אויסגעקליגט, געשלאָסן אַ יד־אחת,
די גרענעצן ווי שפּינוועב צעריסן, צעטרעטן אַלע שפּינען, אַלע וויזעס אָפּגעשאַפט,
און די באַנען, שיפן און אַוויאָנען פירן פריי, און וואוין דיר וואו דו ווילסט אין נחת.

און קיין פעלקער זענען מער נישטאָ כמעט, כאָטש ס'איז דאָ אַ גרויסער פעלקער־אויסגעמיש
און פאַרגעסן איז דאָס בלוטיקע גרויל־מעשהלע פון ראַסן.
און יידן? יידן קריגט מען נאָר אויף אַ רפואה נאָך — ביי אַנטראָפּאָלאָגן און
ביי אַרכעאָלאָגן אויך — אויף צו פאָרשן, אָבער נישט אויף האַסן.

און איינמאָל, ביי אַ ליכטיק־שיינער פול־ערד־נאַכט, ווען אַרומגענומען, אַלט און מיד,
זענען די דריי דיכטער זיך געשלאָפן אין דעם קאַלטן, דעם לבנהדיקן דרויסן,
האָבן זיי אַזוי אומרויק פון דער ערד געחלומט, נאָך אַביסל כבוד ערדישן געבענקט,
אַז זיי האָבן אַלע דריי זיך אַזש קעגנזייטיק אויף דער ערד אַראָפּגעשטויסן.

אַ סוף? נאָך נישט.
עיקר שכחתי פון דעם דיכטער פון דער קאָמישער באַלאַדע:
זאָגן אייך דעם אמת איז מיר פשוט אָן עבירה
שוין צו ענדיקן די מאָדנע מעשה. נאָר ז'איז צו לאַנג שוין,
האָב איך געמוזט די דיכטער צו דער ערד אַ שטויס טון. נישט געהאַט קיין ברירה.

איז וואָזשע האַלט איך?
יאָ, אַז זיי זענען אויף דער ערד אַראָפּגעקומען,
האָבן זיך די יידן־דיכטער באַלד געפרעגט ווי ס'גייט דאָ זייער מאַמען־לשון? — —
האָט מען זיי דערציילט, די דיכטער דריי, וואָס אַ וועלט־געבורט פאַרשלאָפן האָבן זיי,
אַז יתומים זענען זיי און זייער גוטע מאַמע איז נישטאָ שוין.

האָבן זיי געזען, די אַלטע, קליינע אייניקלעך פון גרויסע, יונגע זיידעס, אַז פּאַרטיק איז די בראָך,
האָבן זיי גענומען שמאַיען, לויפן צו די קולטורעלע קאָמיטעטן,
און געטענהט האָבן אַלע דריי מיט דריי הענט, דריי מאַנענדיקע,
אַז ס'קומט זיי אַלע דריי באַזונדער יובלען נאַציאָנאַלע, נאַציאָנאַלע דריי באַנקעטן.

און וואָ'דען? זיי האָבן אויסגעפּירט דאָס זייערדיקע, די דיכטער,
און זאַט מיט צימעס און מיט רעדעס — האָבן אויפגעהערט זיי טענהן, מאָנען — — —

און אַזוי ווי אַ באַלאַדע מוז זיך ענדיקן מיט טויט, זענען זיי געשטאָרבן אויך.
טויט — באַגראָבן און פאַרגעסן, די דריי לעצטע ייִדן־דיכטער פון דער זילבערנער לבנה.



# אַ סקאַנדאַליעז ליד — געשריבן אין 1943

מיר זענען געגאַנגען, געגאַנגען, געגאַנגען־געגאַנגען,
פּאַטעמן מיר, פאָלקס אַוואַנגאַרד,
מיר האָבן געכּישופט מיט כּישוף־געזאַנגען, געזאַנגען,
און דאָס פאָלק האָט באַוואונדערט, געוואַרט.

און אַז די גרויסע צייט איז געקומען
פון גרויסן פאָלקס־בראָך, וויי און שאַנד,
זענען מיר פּונקט דעמאָלט צוגעקומען (מיר אַלע — איך אויך)
און צוגעפירט אַלע צון אַ וואַנט.

און דאָס פאָלק האָט געמאָנט אַן ענטפער, אַן ענטפער (שטום, ווייל אַ פאָלק מאָנט שטום)
און שטום זי געשטרעקט פול מיט מאָנען די האַנט,
נאָר מיר, מיר קאַווע־מענטשלעך האָבן
אויך אונזער האַנט מאָנענדיק אויסגעשטרעקט
נאָך אַ טרינק־געלט און געקוקט זאַלבענאַנד — צו דער וואַנט.

און פול מיט נבואה אונזערע הערצלעך,
און די אויגן — נביאיש — שטעכן דורך די וואַנט,
און עס זידט אין אונז און עס טאַנצן די שטערצלעך
אויף די טעפּלעך — פולע מיט אונזער טאַלאַנט.

און אַז איינער פון אונז, מיט צוויי אויגן פּאַרווייניטע,
הויבט איינזאַם זיך אויף, אויף אַ קול טוט אַ פרעג:
— קען אַ וואַנט פּאַר אַ פאָלק זיין די צוקונפט, די גאַנצע?
קוקן אַלע זיך אום און סיקען און ווינקען: — שאַ, שטיל, דו רעדסט אויסן וועג,
ביזט צו היסטאָריש־מאַטעריאַליסטיש,
שאַ־שטיל — — — — און זיי גלאָצן ווייטער מיט די אויגן מיסטיש.

און אַן אַנדערער שרייט אויס: — אַוועק פון דער וואַנט,
זי פילט זיך טוכלע פון טרערן, און אירע שטיינער שוין אונטערגעשווענקט,

זוילט איר דען אַלע יידן דאָ ברענגען־אומברענגען,
ווי איר האָט זיך דאָ געברענגט־אומגעברענגט?

אוועק פון דער וואַנט — סוקי־סיני — ווייל סיי־ווי
זענען מיר דאָ געבליבן שוין איינע אַליין,
און חוץ אונז נאָך אַ מאָגער קעצל, וואָס מיאַוקעט
אויפן שפּיץ פון דער וואַנט: אונזער ליד, אונזער מיאַוקע־געוויין.

אוועק פון דער וואַנט, שוין געפּגרט מצרים,
און לאַנג שוין פאַרשטונקען די מצרישע טעפּ,
און עס קרושלט זיך סיי־ווי די וואַנט און — די שטיינער
צילעווען גלייך אין אינזערע קעפּ.

אוועק פון דער וואַנט — ס'איז סיי־ווי אונזער פאָלק שוין
צו רעכטס און צו לינקס פון דער וואַנט — מיט שפּאַט
זיך צעלאָפן פון אונז און פון אונזער אומשטיינס־געזאַגט
גאָט.

רייניקט אוים די הערצלעך, טרייסלט אוים די קעפּלעך
פון דעם חלום פון פאַרע פון קאַווע־טעפּלעך
און טרינק־נעלט־קלאַנג, וואָס דאָס פאָלק דערלאַנגט,
אוועק פון דער וואַנט — דערהערט דאָס גרויסע שאַלן
פון די גרויסע שופרות, ווייל אפילו איר זענט נאָך נישט פאַרפאַלן!



## קורצע, אָבער שאַרפע באַלאַדע וועגן אַ דערפאָלגרייכן פאָגראָם־דיכטער

כדי אויסצומיידן מיטפארשטענדענישן,
ווידמע איך דאָס ליד — זיך אַליין.

און געשען איז אַזוי:

דעקלאַמירט האָט דער דיכטער זיין ליד וועגן שחיטה,
און מ'האָט אים שטאַרק און מיט הארץ אפלאָדירט,
האָט אַ זיסער שמייכל — אַ זון נאָך אַ רעגן —
דאָס הדרת־פּנים פון דיכטער באַצירט.

און ווי איין מאַן דריקט דער זאַל אויס די ביטע:
— נאָך איינמאָל לעז דיכטער דיין ליד „יידיש בלוט" —
און געפאָלגט האָט דער דיכטער, און געטראַכט אין זיין הארצן
ווי וועלט־שאַפער גאָט: — כי טוב, עס איז וואויל, עס איז גוט. —

און ס'איז ווידער געשען:

אַז געמאָלדן זיך האָבן די שותפים, די דריטע:
די מתים אַליין מיט געקלאַפּער פון הענט,
וואָס געקלאַפּט אַקוראַט האָט ווי אַרבעס אָן ווענט,
ווייל דאָס פלייש ביזן ביין איז ביי זיי פאַרברענט.

און ווייניק נאָך דאָס — ס'האָט די מתים־סוויטע
אַרומגעשטעלט דעם דיכטער פון דעם שחיטה־וואָרט,
און פאַרקלאַפּט אים מיט די הענט און באַלד מיט די פּיס
גענומען טאַנצן אויף זיין פליך און זיין באָרד.

און דעמאָלט איז געשען:

אַזש דאָס פאָלק אין זאַל האָט פאַר שרעק די שליטה
פאַרלוירן און צעלאָפן און געלאָזט די גאַרדעראָב,

און לויפנדיק האָבן ווייבער צו מענער געשריגן:
— שוין איינמאָל אַן אָונטש, אַ בראָך אויף דיין קאָפּ!

—נאָך ווייניק פון גוישע היטלערס געליטן,
דאַרף מען ליידן פון די יידישע פּאָעטן אַחוץ,
וואָס שלעפּן זיך אַרום מיט לידער פון שחיטות
און מיט פאַרשיווע מתים אַ טוץ.

און צום סוף איז געשען:

אַז דער דיכטער איז געבליבן אַליין און אין מיטן
דער פינצטערער בינע און אַ דרימל געכאַפּט,
און גומל געבענטשט צום גראַם און צום שטראָם,
וואָס מען האָט אים נישט צום טויט פאַרקלאַפּט.

נאָר אַזוי ווי לויט די אַלטע, גוטע זיטן
איז טויט ביים סוף פון באַלאַדעס — אַ מוז,
טאָ לאָמיר שוין אויך אונזער דיכטער הרגענען
און אים צוטרעטן מיט אַ פערזן־פוס.



## וואָס זאָרגסטו זיך — יידל מיטן פידל?

יידל מיטן פידל — וואָס זאָרגסטו זיך אזוי
און וויינסט אויף דיין מזל אזוי?
אוי — און נאָך אמאָל: אוי — —
ביזטו דען נישט א זון א כשרער
פון זיין ליבן נאָמענס הייליקן פאָלק?
און נאָך וואָס פאר א פאָלק?
צווישן פעלקער דימענטן — א בריליאַנט,
מיט גאָטס אייגענער האַנט
אין זיין צירונגדיקסטן צירונג־קעסטל פארבאָרגן.
און וואָזשע דארפסטו וויינען און יאָמערן?
אים זאָל זיין פאר דיר,
ז יי ן פאָלק — זאָל ער זיך זאָרגן.

און דו — מענטשעלע אינעם יידעלע טימן פידלעע,
וואָס זאָרגסטו זיך ווידער אויף דיין מזל'ע?
ביזטו דען נישט א ציגעלע אין פאלאץ פון דער וועלט,
גאָטס שענסטער וועלט?
אויב ער וועט זי פטרן
און זי וועט מיט רויך און ווינט אוועקפלאטערן,
איז ווער־זשע וועט אים א צווייטע וועלט שענקען אָדער באָרגן?
איז וואָזשע דארפסטו יאָמערן און זאָרגן?
אים זאָל פאר דיר זיין —
זיין וועלט — זאָל ער זיך זאָרגן.

און דו ברידערל, יידערל מיטן פידערל,
פלי ווי א פויגל אין דער לופט,
לעב ווי ער — ברוך הוא — אליין,
(ווען ער כאפט זיך אראָפּ קיין אדעס, צי פאריז)

לעב און לאַך, קוק אין די שטערן ביינאַכט,
זון דיך אין דער זון בייטאָג — לעב און געניס,
שרייב לידער יידישע — אויב ס'איז דיר ליב,
דרוק זיי, אָדער שיק זיי מיטן ווינט.
און בכלל — וואָס דאַרפסטו האַלטן די אויגן אָפן?
בעסער מאַך דיך טויב און בלינד.
לעב ווי דו וואָלסט שוין געוועזן טויט,
אָדער גאָר קיינמאָל נישט געבוירן.
מאַך דיך, אַז דו האָסט נישט קיין שום געפיל.
וואָס נעמסטו דאָס אַלץ אַזוי ערנסט?
זעסטו דען נישט, אַז אַלץ איז נאָר אַ שפּיל?

לעב מיט דעם היינט.
נישט געוועזן קיין נעכטן,
און אויב אַפילו יאָ, איז ער אַוועק
ווי דער ווינט אין ווינטמיל־פליגלען,
אָדער וואַסער אין ראָד פון אַ וואַסערמיל.
און דער מאָרגן?
אייביק אין זעלביקן פינצטער־געוועלביקן
שווערן נעפּל פאַרבאָרגן.

יידל מיטן פידל,
איך מיין עס אויף אַן אמת,
איך רעד דאָ נישט מיט קיין רמזים פאַרשטעלט:
— ביזט גאָטס זון, פון זיין פאָלק, אויף זיין וועלט —
וואָזשע דאַרפסטו זיך זאָרגן?
זאָל גאָט זיך זאָרגן.



# יידן אַלע — פּליטים אַלע

## אַ ווידוי פון אַ יידישן פּליט אין אַמעריקע אין איינעם פון די יאָרן 1939־1945

זענען מיר דען שולדיק, גאָט, וואָס מיר זענען אַנטלאָפן און לעבן געבליבן?
דו אַליין, אַליין, שדי, האָסט אונז ווייטער אין ספר החיים פאַרשריבן.

דו אַליין, דו, דו, דו, וואָס דיין עובדא איז מישן כסדר שוואַרץ און ווייס, מצוות, עוונות.
דו אַליין, אייביק־פאַרנומענער מיט השגחות און מיליאָן־מיליאַסיקע הימל־חשבונות.

נישט שולדיק מיר, וואָס אונז גראָד האָסטו אַריינגעשטופּט אין זאַק פון שארית הפליטה,
און טראָגסט ווי אַ רוח אַ מלמד ווייטער, ווייטער אין דורות ווייטע, לינדער, ברייטע,

נישט שולדיק מיר, וואָס פראַנטעווען ווי מענטשן, ווען זיי זענען מתים אין שמאַטעס,
און מיר וואַשן זיך די הענט אין אומשולד — מיר יידישער פאָנציוס־פּילאַטוס.

אַלע גלייך זענען מיר געלאָפן, צי לויפן געוואָלט, און אונז איז עס געלונגען.
אַלע זענען געשפּרונגען, נאָר איינע זענען אין תהום אַריין — און מיר אַריבערגעשפּרונגען.

און דאָס זענען מיר שולדיק און פאַרבלוטיקט איז אונזער בלאַטיק געוויסן,
און אויב דו ביזט אַ גערעכטער גאָט, וואָלסטו יעדן פון אונז ווי אַ הערינג צעריסן,

ווייל ווי די געיאָגטע בהמות — אויף דער ערשטער לאָנקע געשטעלט האָבן מיר זיך פּאַשען,
און זיין ערשטן טייכל זיך אָנגעזשלאָקעט און די הינטנס זיך אויף זויבער אָרומגעוואַשן,

און אין דער ערשטער שטאַל זיך אַריינגעשטעלט מיט אַלע בהמות מיטצופרעסן
און, ווי יענע בהמות, אונזער אייגן פלייש און בלוט אין שחיטה־הויז פאַרגעסן.

# אַן אָפּענער בריוו צו סטעפאַן צווייגן — אויף יענער וועלט

## א. די פאַרגעשיכטע

— מיך בין איך פּשוט מיד, גאָרנישט מער, נאָר מיד.
גענוג שוין געוואַנדערט,
גענוג ביכער געשריבן,
וועגן טאָלסטאָי און ראָלאַן און אַנדערע
געטלעכע מענער אויף דר'ערד,
און גליק און אומגליק פון אַלערליי בעכערס געטרונקען, אַלע סימפאָניעס געהערט,
און וואָס קען דען אַנדערש, ווי סם זיין — אין לעצטן בעכער, וואָס מיר איז געבליבן?...
כ'וועל אים טרינקען. מיין שיינע וועלט איז אַ חורבה, מיין שיינע אייראָפּע אין שמאַטעס.
כ'וועל אים טרינקען: — לחיים סאָקראַטעס...
קיין בעסערער טרונק איז נישטאָ...

אזוי האָט שטיל, צערודערט, ווי זיין שטייגער, גערעדט צו זיך, צום ווייב, דער וועלט
סטעפאַן צווייג — דער וועלט־באַרימטער, דייטש־יידישער שרייבער
אין ניינטן היטלער־יאָר. און נאָך יעם סאָקראַטעס־לחיים — צום ווייב אַ לחיים...
און שטילע ליגן שוין אין בראַזיל'אַנער הימל־בעט צוויי טויטע לייבער.

און אַזוי גיך זיי האָבן זיך אויסגעניכטערט, שטיל און טויט פון שיכורסטן בעכער,
איז די גאַנצע יידן־וועלט געוואָרן בייז און שיר נישט שיכור:
— סטייטש און פאַרוואָס? און יעדער שרייבער כאַפּט דעם גאַנצן אמת אויס,
און יעדנס מאמר איז קליגער און יעדער ברענגט אַרויס דעם גאַנצן, לעצטן עיקר.

און אַז אַלע האָבן שוין געזאָגט — קען אני הקטן אויך נישט שווייגן,
שיק איך אַן אָפענעם בריוו, כאָטש אויף יענער וועלט, צו סטעפאַן צווייגן:

## ב. דער אָפענער בריוו

„ליבער, גרויסער קאָלעגע און גרויסער מאָנאָגראַפיסט,
גרויסער אמת־זוכער, נשמה־אויפרייסער, איצט האָט איר אַלע געלעגנהייטן

דעם אמת פון אַלע אמתן אויסצוגעפינען, אויסצופאָרשן — אויפצושרייבן:
אַ גאָט־מאָנאָגראַפּיע האָב איך אין זינען — איינמאָל פאַר אַלע אייביקייטן.

ווייל ווער נאָך ווי איר צו דעם דאָזיקן ווערק אַזוי גרינטלעך צוגעגרייט?
און צו וועמען נאָך וועט זיך דער אַלטער מיט זיינע סודות ווילים פאַרטרויען?
ס'איז זיין רייע נאָך ראָלאַנען, טאָלסטאָיען.
און צייט פאַר דעם האָט איר דאָך אצינד, איר לעבט דאָך שוין אין דער צייט פון די צייטן,
און אַ גוטע סעקרעטאַרשע ביי דער זייט — די יינגערע פון אייערע צוויי פרויען.

איז צו דער ארבעט, גרויסער לעבנס־ און טויט־באַרימטער וואונדערלעכער ווינער סטעפאַן;
וואָרים אויב די וועלט וועט איצט אויך מוזן ווייטער בלייבן
אָן אן אויטענטישער, צווייגיש־האַרציקער יאהאָווע־מאָנאָגראַפיע — דאַן,
דאַן יועט עס זיין אַ סימן, חלילה, אַז נישטאָ וועגן וואָס צו שרייבן.

נאָר מאָמער איז יאָ דאָ וועגן וועמען און וועגן וואָס צו שרייבן,
וועט אַזאַ מין ווערק, בלי שום ספק, ווערן דער סאמע „בעסט־בעסט־טעללער" —
און איר וועט קריגן זיבן נאָבל־פּרייזן אויף אמאָל, און תיכף אויסגעצאָלט
מיט קלינגענדיקן מינץ — ביז אַ קראָנע — אויסגעליינט אויף דער לבנהס בלאַנקסטן טעלער.

און די יידן וועלן ווידער שטאָלץ זיין מיט אייך און וועלן שרייבן,
אַז נאָך עזרא־הסופר זענט איר דער צווייטער גרעסטער יידן־שריפטן־שטעלער.
און פונקט ווי זיי זענען אַנגעפאַלן אויף אייך — אַזוי וועלן זיי איצט
מאַכן פיפקע פון אייער שענסטער טאַט, אייער מוטיקסטער, אייער נעטלעך־מענטשלעכסטן
[פעלער.״



# אַ 1944 זומער-לעב-ליד פון אונזער יידיש וועלט-פאָלק

צייטונגס־באַריכטן:
13 יידן אין מינסק און 3 יידן אין ווילנע
האָט געטראָפן די רויטע אַרמיי ביי איר זיג־
רייכן אַריינמאַרש. (זומער 1944).

די רויטע אַרמיי האָט מינסק גענומען —
הורא, הורא — האָט גענומען מינסק —
און עס גייט איר ווייטער, עס גייט איר צום גראַם,
און אַ לאַדע שעה וועט זי זיין אין פּינסק.

איז וואָזשע מאַכן די יידן אינעם געטאָ דאָרט,
אין מינסק — דער אַלט־יידישער שטאָט?
זיי מאַכן שוין גאָרנישט — זיי זענען נישטאָ שוין —
און געבליבן איז פון זיי נאָר שטעכיקער דראָט — —

נאָר לאָמיר נישט זיין פאַרצווייפלט אַזוי,
ווייל דער אמת איז דאָך אַביסל אַנדערש געווען,
ווייל געבליבן זענען פאָרט אַ פּאָר יידן נאָך דאָרט;
אַ מזומן און אַ מנין — אַ דריי און אַ צען.

און די איבעריקע יידן, אַלע יידן פון מינסק?
זיי זענען שוין שטויב און רויך און גאַז.
פון וואָרעם צעפרעסן — אונטער דער ערד,
און איבער דער ערד פון נאַצישן האַס.

איז וואָזשע זענען די יידן פון ניו־יאָרק,
אין זייער טרויער נאָך מינסק — דער יידישער שטאָט?
אויף דער פרישער לופט זענען זיי אַרויס,
צו קלאָגן זייער קלאָג גלייך אין פּנים פון גאָט.

און אז נאָט זאָל גיכער דערהערן זייער קלאָג
נאָך די מינסקער יידן — זייער קדיש־געבעט,
האָבן זיי שבעה זיך איניינעם געזעצט
צו אַ נאַציאָנאַלן ריזן־באַנקעט.

איז גוט, איז גוט. איצט ווייס איך שוין וועגן די יידן פון מינסק,
און וועגן זייערע ברידער פון דער שטאָט ניו־יאָרק.
דער שטאָט פון אונזער טרייסט און שמאָלץ און זאָרג?
איז וואָזשע הערט זיך מיט די יידן פון ווילנע,

און וואס מאכן די יידן פון בוענאָס איירעס,
און פון מאָנטעראַל און פון מעקסיקאָ,
וואו ציטערן זיי איבער די ווילנער נייעס
אין אָט דער יידישער גורל־שעה?

על ראשון ראשון — די יידן פון ווילנע:
אז די רויטע זען׳ אריין אין אָט דער עיר ואם,
האָבן זיי אַ יידישן מזומן געטראָפן
זיצן בענטשענדיק אויף אַ בערגל פון ליים...

בענטשענדיק? — יאָ, זיי האָבן געבענטשט און געקוקט
אויף די זעלנער־באפרייער משוגענערהייט,
געלאכט און געקוקט אויף די הענט, די באפרייטע,
און נישט געוואוסט, אז זיי זענען באפרייט.

זאָגט צו די דריי יידן איין רויטער ארמייער:
—וואָזשע לאַכט איר און בענטשט איר, וואס איז דאָס פאר אַ שטות?
האָבן די יידן געענטפערט דעם יידישן ארמייער:
— אין דעם בענטשן שיקן מיר אונזער וועלט־פאָלק אַ גרוס...

צו די יידן פון ניו־יאָרק און פון מעקסיקאָ,
און בוענאָס איירעס און אויך וויניפעג,
זיי זיצן דאָרט נעבעך און וואַרטן און וויינען
די אויגן זיך אויס אין אזעלכענע טעג.

זאָגט דער רויטער סאָלדאַט: — פראַווילנאַ און רעכט,
מיינע טייערע יידן, מיינע ברידער — איר ווייסט —
כ׳וועל אייך געבן אַן עצה, לאָמיר נעמען, לאָמיר שיקן
צו אונזערע וועלט־ברידער מיטן ראַדיאָ אַ טרייסט.

געזאָגט און געטון, ער איז שוין אויף דער פעלד־פאָסט,
צו שיקן אַ גרוס מיט דעם ראַדיאָ אַוועק — — — —
נאָר אין איין פערטל שעה — ר׳איז צוריק שוין דאָ,
אין זיין שרעקלאָז פנים — ברענט אַ ווילדע שרעק...

— יידן, יידן ס'איז דאָך גאָר שוין קיין יידן נישטאָ,
נישט אין מעקסיקאָ, ניו־יאָרק, נישט אין וויניפעג,
ס'איז די ראדיאָ־דעפּעשע געקומען צוריק
צען מינוט נאָך דעם ווי זי איז אוועק.

יידן — ווייסט איר, וואָס מען האָט מיר געענטפערט
אויף אונזער אַרמייאישער ראדיאָ־פּאָסט?
אַז די יידן זענען אַלע אויף דאַטשעס אוועק
און האָבן דעם דאַטשע־אדרעס נישט געלאָזט.

און אַזוי גיך דער סאָלדאַט איז מיט זיין בשורה געקומען,
האָבן די דריי ווילנער פון דעם לעצטן מזומן
גענומען עפּעס מורמלען אָן אַ זין, אָן אַ טאָלק
און געשאָלטן מיט מזומן זייער איינן פאָלק.



# אַ באַלאַדע וועגן דריי ברידער — צוויי אויפֿן ברעג ים, איינער אין וואַסער

די באַלאַדע איז געשריבן און איבערגעשריבן געוואָרן
אין די יאָרן 1942, 1943, 1944, 1945 —
אויף די גליונות פון נאַציאָנאַלע יידישע וויכוחים
וועגן הילף פאַרן יידן אין אייראָפּע.

ב׳וויל אייך זינגען אַ זונג און זאָגן אַ זאָג,
איר פּראָסט־גלייכע יידן פון אַ קיילעכדיק יאָר,
איר נוט שבתן פּראָסטע, איר יידן אָן קונצן,
שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגעלע נאָר.

שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע און די מעשה הערט אויס,
ס׳איז קיין מעשה נישט, ס׳איז נאָר אין בעסטן פאַל
אַ ווילדער אמת אין אַ מעשה פאַרקליידט,
און מיט אַ מאָראַל אַזוי ביטער ווי גאַל.

ב׳וויל אייך זינגען אַ זונג וועגן ברידער, וועגן צוויי,
וועגן צוויי און אַ דריטן — און אַלע אין אַ וואַלד —
צוויי זענען געווען גבירים־אדירים,
און דער דריטער — וועט איר הערן באַלד.

דער דריטער איז געווען דאָס געוויסן אין דער שטוב,
און די שטוב אין אַ וואַלד, און דער וואַלד — איז סימבאָל,
אַט דער ווילדער וואַלד מיינט די גאַנצע וועלט,
מיט ביימער אָן אַ שיעור און חיות נאָך גרעסער אין צאָל.

און דער וואַלד איז געווען ביי׳ן אַ ברעג, און דער ברעג
אַ פעלזיקער — שלאָגט ער זיך אייביק מיטן ים.
און דאָס אַליין איז אויך סתרי תורה,
ווייל אין אַט דעם ליד זינג איך גאָרנישט סתם.

איצט די ברידער, די דריי: צוויי זענען יענערס, זיי יאָגן זיך נאָך אַליז,
און כאָטש יידן — אַ פּרינץ וואָלט געוועזן עשו, דער כאַם
קענגן זיי. אַ וואָלף און אַ לייב — און אַזוי טאַקע הייסן זיי,
און דער דריטער איז אַ לאַם — דאָס ריינע געוויסן פון גאַנצן שטאַם.

ווי יעקב זיצט ער כסדר אין געצעלט
און ער קאָכט פאַר די ברידער זייער טעגלעכע גייסטיקע שפּייז.
רויט זענען די פּנימער פון די ברידער פון געיעג,
און זיינס — פון אַ לעמעלע, שטענדיק איז עס ווייס.

אַזוי האָט אים די מאַמע געהאַט, אַזוי איז ער זיין טאַטנס זון,
ר'איז נישט שולדיק וואָס ער איז אַזוי ווי ער איז.
אַז די שטאַרקע צוויי ברידער קומען פון געיעג,
גיבן זיי באַלד אַ שטרעק אויס די גראָבע, פאַרבלאָטיקטע פיס

און לייגן זיי אויף למך'ס אַקסלען אַרויף,
דאָס באַווייזן זיי אַזוי זייער צערטלעכקייט.
און מיט די ידים פון די טישן כאַפּן זיי
אַליז, וואָס למך האָט זיי צוגעגרייט.

און כאָטש מען קען נישט זאָגן אַז וואָלף און אַז לייב
לעבן ביידע בשלום ווי ברידער פאַריינט,
קען מען אָבער זאָגן, אַז ביידע אין דער שטיל
האָבן גלייך זייער ברודער, דאָס לעמעלע פיינט.

כאָטש ער גלעט זיי די הענט און ער וואַשט זיי די פיס
און ער גרייט זיי יעדן טאָג אַ נשמהדיקס,
דאָך וואָלט אים לייב מיט אַ מעסער דערשטאָכן
און וואָלף צעשמעטערט מיט דער קאָלבע פון זיין ביקס.

אייך חידושט די ביקס? ס'איז אַ מעשהלע פון היינט,
כאָטש ווי אַ חומש־מעשה נעמט זי זיך אויס,
ז'איז בפירוש פון היינט — און די שטוב אין דעם וואַלד
איז: צווישן די פעלקער ישראלס הויז.

און אָט וועל איך אייך מאָלן דאָס גאַנצע הויז:
בייטאָג איז דאָרט ליכטיק, ס'איז אַ הויז פול מיט שיין,
שטעלן זיך די ביימער און די חיות אויס
און קוקן מיט קנאה אין דעם הויז אַריין.

נאָר כאָטש פון דרויסן איז ליכטיק דאָס הויז און גאַנץ,
איז עס נאָר פאַר דער וועלט אַ מין סוחרישע שילד,
אינעווייניק איז עס פוסט — און נאָך מער ווי דער וואַלד,
ווי דער ווילדער וואַלד איז דאָס הויז אונזערס ווילד.

ווי דער ווילדער וואַלד איז עס אייביק פול
מיט קאַלטע ווינטן און מיט חיים געיעג,
קיין היינט איז נישטאָ דאָרט און מען יאָגט זיך דאָרט שטענדיק
נאָך ווילדפרעמדע מאָרגנס און נאָך נעכטיקע טעג.

אמאָל, אמאָל אַ צוועלף־ברידער־הויז
איז געווען דאָס בארימטע הויז פון ישראל...
אוי... און ס'האָט זיך דעמאָלט געקריגט ווי עס קריגט זיך היינט,
און עס קריגט זיך היינט ווי געקריגט זיך אַמאָל.

נאָר איך זינג דאָך דאָ נישט די געשיכטע פון אַמאָל,
כ'זינג פון וויסטן קץ און פון ביטערן סוף,
כ'בין דאָך אַ פּאָעט — אומשטיינסגעזאָגט —
ביי יידן. און נישט קיין גרעץ, קיין דובנאָוו.

און די מעשה איז אַ מעשה אזא: — אין איין שיינעם טאָג
האָבן צוויי, ווי געוויינלעך, זיך אין וואַלד געיאָגט,
און דער דריטער, דאָס לאָם, איז געזעסן און געחלומט וועגן גאָט
ביים ברעג פון ים — און תהילים געזאָגט.

און תהילים געזאָגט פאַר די לייבער פון וואָלפן און לייבן
און אינגאַנצן געווען פאַרזונקען אין געבעט
און נישט דערזען ווי אַ ווילדשטורעם קומט,
און אַז ער האָט שוין דערזען איז געווען שוין צו שפּעט.

ס'האָט אַ ווינט שוין אַ ריס געטון און אַ כוואַליע שוין אַ שלעפּ,
און אָט איז ער שוין אין ים אויך אריינגעשווענקט — —
און אַן אומקער־כוואַליע פירט אים האַלבוועגס צוריק,
און לאָזט אים אַזוי איבער — נישט ער שווימט, נישט ער הענגט.

און אַזוי האַלב־הענגענדיק ליגנדיק בלייבט ער.
די הענט פאַרבלוטיקט, דאָס פּנים פאַרבלויט,
און באַמש זיין לעבן איז קיין לעבן נישט געווען,
פונדעסטוועגן ווילט זיך אים נישט זיין טויט.

און דאָ מוז איך גערעכט זיין צו וואָלפן און לייבן,
זיי לויפן באַלד צו צו דעם זיכערן ברעג,
און באַמש גרויס איז די שרעק און דער שטורם אין ים,
גרעסער איז נאָך ביי די ברידער די שרעק.

און זיי ווינקען מיט די הענט צו לאַמד'ן אין ים,
און זיי מאַכן מיט די הענט און זיי שרייען שטאַרק:
— לאָז מיך! און: לאָז מיך! — און זיי שטופּן זיך אָפּ
אַלץ ווייטער אוועק פון דעם אָפּרונט־באַרג.

און דער טרענקענדיקער תהילים־פאר־אנדערע־זאָגער
שריים פון די לעצטע כוחות זיך ארויס:
— ברידער, ראטעוועט, ברידער טייערע,
ווי וועט אָן מיר לעבן ישראלס הויז?

מיט מיר איז עס כאָטש האלבוועגס געוועזן — —
א — יידיש — — הויז — — — און ווייטער, אלץ ווייטער זיין רוף:
— נאָר אָן מיר — וועט —עס — זיין — — מיינער ברידער — — ברידער — — —
א גאָלדענער — טרעלבוך — אין אָן אָקסישן — — גוף — — —

דערהערט אזא ווארט האָט וואָלף, לייב באַלד באשלאָסן
דערלאַנגען די הענט. און זיי גיבן זיי טאקע א צי און א שטרעק.
זיי טוען דאָך עפעס. טוען זיי דען נישט?
נאָר וואו איז דאָס אומגליק און וואו איז דער ברעג?

און למך הערט דורך דעם שטורעם פון ווייטן
מאָדנע ווערטער וועגן הענט וועגן רעכטס, וועגן לינקס.
שרייט וואָלף צו לייבן: — ווילסט נישט ראטעוועט א ברודער?
און לייב שרייט צו וואָלפן: — מיט ווערטער איז דיר גרינג.

און זיי שטופּן זיך אהין און זיי שטופּן זיך אהער,
און אין זייערע שמאַלץ־הערצער לאַכט עס און לאַכט
א ווילדן געלעכטער — פון ווייט, ערגעץ ווייט. און עס קומט אויך פון ווייט
צו דעם שטורעם אָן אומגליק נאָך איינס: די נאַכט.

— נעם אוועק די לינקע, דו לינקער גרוביאַן.
— נעם די רעכטע אוועק, דו רעכטער כאַם...
דערגייען צו למך'ן ווערטער — שטיקלעך שמאַטעס — — —
און פינצטערער, ווילדער און קעלטער ווערט דער ים.

און פלוצלינג, ווי עס מאַכט זיך אין א ווילדן טאַיפון,
א רגע שטילקייט, א געעפנטע וואנט.
און דורך דער עפענונג א דייטלעך קול: — וואס איז דען דער חילוק רעכט צי לינק
דערלאַנגט מיר, ברידער, א ברודערס האנט.

— און אויב עס קען נישט דערגרייכן א האנט,
צו ברענגען מיך, ברידער, צום לעבן צוריק,
איז ווארפט מיר כאָטש, ברידער, ווארפט מיר פון ווייטן
א ברידערלעכן שטריק.

און ווי די ברידער האָבן „שטריק" דערהערט,
האָט עס דעם פּופּיק זיי מיט שרעק פארקילט,
און זיי האָבן אינגאנצן אראָפּגעלאָזט די הענט
און געזעצט זיך — און דעם ים איז געוואָרן נאָך ווילדער ווילד.

און אַ ריס געטון דעם טרענקער צו זיך,
און אים איינגעהילט אין אַ רויטן שוים,
ווייל פּלוצלינג איז אַ רויטע זון ארויס
פון די שוואַרצע וואָלקנס — ווי פון אַ שוואַרצן תהום.

און אין אָט דעם רויטן, בלוטיקן שיין
האָבן וואָלף, לייב דורך אַ שפּאַלט אין פעסטן פעלז
דערזען אַן אויג — — זייער ברודערס אויג,
מיט נקמה ווילד און מיט רויט־שיין אַ העלס — —

דער גאַנצער ברודער איז געווען שוין טויט,
נאָר דאָס אויג ווי אַ שטיק פון אַ טויטער זאַך
איז אַ רגע לאַנג ארומגעשוואומען
אויף דער שוימיקער אויבערפלאַך.

און דאָס אויג, כאָטש אַן אויג נאָר, און אַן אויג איז דאָך שטום,
האָט מיט אַ געשריי די וועלט געטון אַ שפּאַלט:
— איך וועל אייך פאַרפאָלגן אין אייביקייטן
און אין אַלע טיפענישן פון אייער וואַלד —

און פון אייערע נשמות וועל איך פּאַסן שניידן
ביז אין אייערע לעצטע טעג —
יאָגט, יאָגט, איר ברידער, נאָר לאַכן וועל איך,
ווייל דער לעצטער וועל איך זיין אין דעם געיעג.

קיין האַנט נישט דערלאַנג, נו, איר האָט נישט קיין ברודער־האַנט,
נו האָב איך דאָך געוואָלט נאָר אַ ברידערלעכן שטריק,
נאָר אפילו דאָס האָט איר נישט דערלאַנגט — נאָר דערלאַנג האָט איר מיר
אַ שטריק פון זאַמד — — אייער פאַרשאָלטענע פּאַרטיי־פּאָליטיק.

— וואָזשע זענט איר עפּעס שטיל געוואָרן, רב מלך?
— גלאַט אַזוי, עס האָט מיך אין האַרץ געטון אַ שטיק,
עס שטיקט מיך אַלעמאָל אין האַרצן ווען נאָר
איך דערמאָן די יידישע פּאַרטיי־פּאָליטיק.

יאָ, ס'איז פּאַרטיק דער זונג און געזאָגט איז דער זאָג,
מיינע טייערע יידן — דאָס אַלץ, דאָס איז גאָר.
פאַרטיק מיין ליד, מיין פינצטער ליד —
אויף אַלע היטלערס אַזאַ פינצטער יאָר.

און איצטער יידן, נעמט אייך צוזאַמען,
אויסראַמען ישראלס הויז,

מיר וועלן די וואָלפן און וועלן די לייבן
וואַרפן פון אונזער שטוב אַרויס.

מיר וועלן זיי וואַרפן אָן רחמנות
אין ים אַריין, ווייל רחמים איז נישט זייער געביט,
ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג נאָך צו ראַטעווען
דעם שטראַלנדיקן נאָמען ייִד.



## פון זעלבן מחבר:

| | | |
|---|---|---|
| אויף דער שוועל (יוגנט-לידער) — — — — — — — — — — — | לעמבערג | 1912 |
| רואינענגראָז (לידער) — — — — — — — — — — — — — | ווין | 1917 |
| שפּינאָזאַ (פּאָעמע) ערשטע אויסגאַבע — — — — — — — — — | ווין | 1918 |
| שפּינאָזאַ (פאַרבעסערטע אויפלאַגע) — — — — — — — — — | ווין | 1921 |
| נאַקעטע לידער (לידער און באַלאַדן) — — — — — — — — — | ווין | 1921 |
| דער קרן פון אַלע מיינע לידער (מחברס אַנטאָלאָגיע) — — | וואַרשע | 1922 |
| פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן (פּאָעמעס און באַלאַדן) — — | וואַרשע | 1924 |
| צו דער יידישער יוגנט (עסעי) — — — — — — — — — — | וואַרשע | 1924 |
| בלוט אויף דער פּאַן (דראַמאַטישע פּאָעמע) — — — — — — — | ווילנע | 1929 |
| די פיר זייטן פון מיין וועלט (פיר פּאָעמעס) — — — — — — | ווילנע | 1929 |
| ווייב און מאַן (דריי דראַמעס) — — — — — — — — — — | ווילנע | 1931 |
| איבער אויסטראַליע (רייזעבילדער, יוגנט-אויסגאַבע) — — | וואַרשע | 1937 |
| קאָנטינענטן און אָקעאַנען (לידער און באַלאַדן) — — — — | וואַרשע | 1937 |
| לידער און באַלאַדן פון די לעצטע דריי־פיר יאָר — — — — | מעקסיקע | 1940 |
| מיין לעקסיקאָן, יידישע דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורגן אין פּוילן צווישן צוויי וועלט־מלחמות — — — — — — — — | מאָנטרעאַל | 1945 |

## בקרוב דערשיינען:

מיין לעקסיקאָן, יידישע פּובליציסטן, זשורנאַליסטן, קולטור־טוער, אַקטיאָרן אין פּוילן צווישן די צוויי מלחמות (מאָנטרעאַל 1946)

איך האָב געזוכט גאָט — מחברס אַנטאָלאָגיע פון אַלע זיינע לידער-זאַמלונגען.

די לידער פון מיינע לידער — קליינע, אייגענע אַנטאָלאָגיע.

תרי״ג מחשבות מיינע — אַפאָריזמען.

פאַרוואָס זאָל נישט צונויפגעשטעלט און קאַנאָניזירט ווערן אַ נייער תנ״ך (עסעי)

די וועלט אין מיינע אויגן (אַן אויסקלויב פון צען יאָר וועלט-רייזע-בריוו).

מענטשן רעדן צו מיר (אַן אויסקלויב פון עקזאָטישע דערציילונגען אין דער ערשטער פּערזאָן).

יצחק לייבוש פּרץ (אַ „טויטן חסידס" הגהות אויף די גליונות פון זיין רבינס כתבים).

מיין לעקסיקאָן — יידישע שרייבער אין אַמעריקע.

**באַמערקונג:**

דאָס דערשיינען פון איייניקע, אויבן אויסגערעכנטע, ביכער איז שוין געזיכערט; אַנדערע וועלן דערשיינען לויט מעגלעכקייטן.

